# ווארשעווער יידן

## יוביל"-בוך




חרובע סינאַגאָגע פון טלאָמאַצקע

# וואַרשעווער יידן

## יובילײ־בוך
## 1949-1959



אַרויסגעגעבן פונעם

**פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פראַגער יידן**

בוענאָס איירעס — תש"ך—1959 — אַרגענטינע

# אינהאַלט:

## פנים אל פנים מיטן חורבן



## שפּאַנישער טייל

# פּרווו פון א סך - הכל

אין גאַנצן — צען יאָר? עס איז אַ ציפערישע כימערע. מער ווי צוואַנציק, מער ווי פערציק יאָר ווירקן וואַרשעווער-פּראַגער ייִדן אין בוענאָס איירעס, אין דער ווייט-פונאַנדערגעוואָרפענער אַרגענטינע. צומאָל אָרגאַניזאַציאָנעל, ווי לאַנדסלייט צווישן לאַנדסלייט, האָבן וואַרשעווער ייִדן אין בוענאָס איירעס צו פאַרצייכענען אַ לענגערע אַקטיווקייט, כדי נישט צו זאָגן ג ע ש י כ ט ע. מחמת געשיכטע איז סינטעז, דער רעזולטאַט פון דורותדיקע פּראָצעסן וואָס ברענגען סוף כל סוף צו דער אויסגעקלאָרטקייט פון פאַרעם און אינהאַלט וועלכע מאַניפעסטירן זיך ווי אַן אייגנאַרטיקע גאַנצקייט. דאָס אַרגענטינער ייִדנטום איז לעת עתה נאָך געשיכטע-יונג. דאָס פאַרמינערט אָבער נישט די ראָלע פון די באַזונדערע ייִדן-גרופּעס וואָס האָבן במשך פון העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט אינטענסיוו זיך אַריינגעגאָסן — און צונויפגעשמאָלצן — מיטן אַרגענטינער ייִשוב. וואַרשעווער ייִדן זענען עס אַזאַ גרופּע פון דער אַרגענטינער עדה, וואָס איז ביי היינטיקן טאָג אַ ן אַ ד ר ע ס פאַר די ייִדן אין גאַר דער וועלט.

יאָ, אַן אַדרעס וואָס צעמענטירט זיך ערשט, בויט נאָך די וואַנט צו וועלכער ער דאַרף צוגעפעסטיקט ווערן. דערווייל איז נאָך רוי אויך דער אַרום פאַרן געשיכטע-בנין פון ייִדישן יישוב. ערלעכע כראָניק, פּראָטאָקאָל-ביכער, קילע זכרונות זענען דאָס אייגנטלעכע זאַמד און ליים פאַר די קומענדיקע בוימייסטערס פון דער אַרגענטינער ייִדישער געשיכטע. איז אוודאי צו באַדויערן וואָס די אָנשטרענגונגען באַוווסטזיניק צו טאָן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט זענען נאָך נישט פאַרפיקסירט לפחות אַזוי ווי עס האָבן עס געטאָן אונדזערע עלטערן און אורעלטערן. נישטאָ היינט דער חוש פאַר פירן פּ נ ק ס י ם פון באַזונדערע חברות צי פאַראיינען. דער אויסבליק אין דער צוקונפט אַריין איז אָפּגעשניטן פון אונדז, די היינטוועלטיקע. מיר לעבן נאָר מיט דער סטיכישקייט פון דעם מ ו ז, וואָס טרייבט אונדזער נערוועזן קיום. דאָס איז גורם דאָס אייגנענטיקע פאַרווישן די שפּורן פון ערנסטער מי און נסיונות. און אַ גרויסע שאָד. דאָ און דאָרט וואַלגערן זיך פאַרגעסענע וויכטיקע פּראָטאָקאָלאַרע

פרטים, אין זכרון פון יחידים באַמבלען זיך דראַמאַטישע עפּיזאָדן פון מערקווערדיקע געשיכטלעכע אָנהייבן ווי „גרינגע", ווי פּיאָנערן. אַזוי גייט עס צו פּאַרפאַלנקייט. דאָס נעמלעכע איז מיטן עבר פון די וואַרשעווער ייִדן אין בוענאָס אײַרעס. ערגעצוווּ שימלען פּראָטאָקאָלן, עס נעפּלען זיך זכרונות. ס'פעלט בלויז די התעוררות, אַז ס'ווערט פאַרלוירן אַן אוצר פון נאַציאָנאַלן באַטייט.

אָן שום ספק האַנדלט זיך דאָ וועגן אַן אומגעוויינטלעכער רשימה פון אינדיווידועל איבערגעלעבטע, רייך ניואַנסירטע פאַקטן פון אַ גרויסער אימיגראַנטישער מאַסע מיט אַ שלל ענערגיע און טויזנט רעגנבויגנס פון טרוימען און אידעאַלן, און עס האַנדלט זיך אין ציבוריק־פאַרטראַכטע שריט אויפן שטח פון כללישע איניציאַטיוועס. צוזאַמענגענומען איז עס אַ פאַרכאַפּנדיקע געשיכטלעכע מאָזאַיִק פון אויפטוען און פון דורכפאַלן.

בנוגע די וואַרשעווער ייִדן האָבן זיי אַן אָנזעעוודיקן פּרק אין דעם אַלץ מיטאַנאַנד פונעם לערך יונגן אַרגענטינער יישוב. וואָרן ווו האָבן וואַרשעווער ייִדן נישט אַרויסגעוויזן דינאַמישקייט, שעפערישן אומרו און אַחריות? אגב, אַ בפּרטיותדיקער אַריינבליק אין דעם נאָכלאָזיק אָנגעוואַלגערטן מאַטעריאַל — רוי־מאַטעריאַל פאַר געשיכטלעכן באַדאַרף — וואָלט אַן צווייפל אַנטפּלעקט דעם גרויסן אָנטייל פון וואַרשעווער ייִדן אין לעבעדיקן לעבן פון אַרגענטינע, זייער חלק אויף אַלע שטחים פון אַרבעט און בויען; עס איז אַ קאָלאָריטרייכע גאַלעריע פון פאַרדינסטפולע עסקנים און אַ שורה פון פּיאָנערן. וואַרשעווער ייִדן זענען געווען מיטגרינדערס פון די גרעסטע בוענאָס איירעסער ייִדישע אינסטיטוציעס, זיי האָבן זיך אייפעריק אָפּגעגעבן דעם אידעאַל פון בויען ייִדישע שולן און זיי האָבן — אפשר סטיכיש, נאָר מיט אינטעליגענץ, מיט האָרעוואַניע און קרבנות — אויפגעבויט אַ ריי אינדוסטריעס, האָבן געהאָלפן אַנטוויקלען ריזיקע קאָאָפּעראַטיווע קערפּערשאַפטן, באַנק־אינסטיטוציעס, זיי האָבן ברייט אויסגעשפרייט דעם מסחר פון בוענאָס איירעס אַריבער די אומענדלעכע פּאַמפּעס און עקסטע פּראָווינצן. צוגלייך מיט ייִדן פון אַנדערע אָפּשטאַם־לענדער האָבן וואַרשעווער ייִדן געעפנט פאַר דער אַרגענטינער ווירטשאַפט די פאַרלווירענע וועגן פון טיפן הינטערלאַנד און זיי האָבן אויך געשאַפן ברייטערע פאַרבינדונגען צווישן דעד פּראָדוצירנדיקער פּראָווינץ און דער געברויכנדיקער הויפּטשטאָט, און פאַרקערט. אַנטדעקטע קוואַלן האָבן זיך קעגנזײַטיק אָנגעזעטיקט און די שלעפּעריקע עקאָנאָמיק האָט צובאַקומען אַ גרויס חיות.

מערערע נעמען פון תושבים וואָלטן עס גריילעך באַשטעטיקט. נעמען קענען אָבער עלול זיין שטרויכלונגען. גענוג צו זאָגן אַז אַ ריי וואַרשעווער ייִדן וואָס ווירקן אין בוענאָס איירעסער יישוב, זענען באַוווּסט ווײַט, ווײַט מחוץ די גרענעצן פון אונדזער לאַנד, למשל: מאַרק טורקאָוו און אברהם מיטלבערג, שוין בלויז אַ דאַנק דעם וועלט־באַוווּסטן ייִדישן ביכער־פאַרלאַג וואָס זיי האָבן געשאַפן אין בוענאָס איירעס. ביידע

זענען װ אַ ר ש ע װ ע ר און בײדע האָבן גרױס אָנזען אין דער אַר־גענטינער געזעלשאַפטלעכקײט. פֿון אַן אַנדער שיכט, װי אַ מיטגרינדער און אַ פֿירער פֿון דער גרעסטער ייִדישער פֿאָלקסבאַנק אין לאַטײן־אַמע־ריקע, דאַרף אָנגערופֿן װערן דוד הירש, הײַנט װיצע־פּרעזידענט פֿון דער דאָזיקער ייִדישער פֿאָלקס־אינסטיטוציע. פֿון צװישן ייִדישע שרײַ־בערס־ותיקים דאַרף דערמאָנט װערן דער װיכטיקסטער, בערל גרינ־בערג, אַ װאַרשעװער מבטן ומלידה, כאָטש דאָס מעדיום פֿון זײַן שאַפֿן איז דער עיקרשט די ייִדישע אַרגענטינע. יאָ, דער צושטײַער פֿון װאַר־שעװער ייִדן אין בוענאָס אײַרעס איז אָנזעעװדיק. און זײ װירקן פֿאַר־שײדנאַרטיק אינעם ציבור־לעבן שױן מערערע יאָרצענדלינגער. ובכן איז באַשײמפּערלעך דער דױער פֿון דער װאַרשעװער לאַנדסמאַנשאַפֿט אַ סך לענגער פֿון די צ ע ן יאָר װאָס דער „פֿאַרבאַנד פֿון װאַרשעװער און פּראַ־גער ייִדן" מערקט דאָ אָפּ. איצט פֿײַערט מע נאָר די דאַטע פֿון דעם נאַ־ציאָנאַל־געאײניקטן, זעלבשטענדיקן דענקען פֿון די װאַרשעװער ייִדן װי אַ רײנער קאָלעקטיװער אײנס, אַן דעם שעטנז פֿון פּסולע פֿעדעם אין ייִדישן געװעב. אין אמתן רעכענען זיך (לאָזן זיך נישט פֿאַרגעסן) אַלע אימי־גראַנטישע יאָרן, אַלע יחידישע פּרוּװן און די סאָציאַלע דערפֿאַרונגען אױף אַרגענטינער ערד. השבון צו חשבון איז טאַקע נישט גלײך, אָבער די דאַטע פֿון צען יאָר — פֿון 1949 ביז 1959 — איז פֿון דעסטװעגן אַ פּרוּװ פֿון אונטערציִען אַ סך־הכל פֿון אַ געליטענעם דור און עס איז אַ װאָר־האַפֿטיקע געלעגנהײט פֿאַר פֿרײד אין דער משפּחה פֿון װאַרשעװער ייִדן אין די גרענעצן פֿון זײער לאַנדסמאַנשאַפֿטלעכער אָרגאַניזאַציע.

בנוגע דער דאָזיקער אױסגאַבע:

דאָס בוך „װאַרשעװער ייִדן" איז נישט קײן פּרוּװ פֿון געשיכטע־שרײבונג. עס איז נאָר אַ זאַמלונג פֿון מאַטעריאַלן געשריבן פֿון „ערשטער האַנט" — אוממיטלבאַר, װי עס באַדאַרף צו זײַן די גבית עדות פֿון מענטשן װאָס טוען זײער חוב פֿון רײנעם האַרץ. די מחברים פֿון די אַרבעטן װאָס זענען שײך דער לאַנדסמאַנשאַפֿט, זענען עסקנים בצרכי ציבור באמונה. אַזױ פּשוט — װאַרשעװער ייִדן — רופֿן זײ אױך אָן דאָס דאָזיקע בוך װאָס איז אַן ערשטער אָפּקלײב פֿון בלעטלעך פֿאַר אַ פּנקס פֿון דעם פֿאַר־טיליקטן ייִדישן װאַרשע װי פֿון די שרידים, װאָס האָבן אומעטום מיט־גענומען מיט זיך די ברענענדיקע בענקשאַפֿטן און דעם צער נאָך דעם װאַרשע װאָס װעט מער שױן נישט זײַן.

י. אָקרוטני

# מענטשן פון אונדזער פאַרבאַנד

נח נייהויז

# 10 יאָר „פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער ייִדן“

אַ בלעטל כראָניק

א וואָרט פּאָרויס

געווען איז, נאַטירלעך, אויך אַ פּ ר י ע ר, איידער עס איז אויפגעקומען דער „פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער ייִדן“ אין אַרגענטינע. ייִדן פון וואַרשע און פּראַגע האָבן — יחידיש — דאָ און דאָרט געוואָרפן זריעות פאַר אַ ייִדיש ציבור־לעבן אין דעם אימיגראַנטישן בוענאָס איירעס און אין אַנדערע מקומות פון דעם גרויסן אַרגענטינע. וואַרשעווער ייִדן האָבן אַזוי צו זאָגן סטיכיש געווירקט אין כלערליי חברות מיט דער גוטער כוונה אַז דער ייִד זאָל דינען זיין מיטברודער וואָס אין נויט און אַזוי אַרום טאַקע קענען העלפן אויך זיך אַליין. וואָרן דחקות האָט ברוך השם נישט געפעלט אין יענע יאָרן, ווען ייִדן האָבן אָנגעהויבן ערשט זיך צונויפפאָרן קיין אַרגענטינע אויף התישבות און אויף אַ רויק, בעסער לעבן ווי דאָס וואָס זיי איז באַשערט געווען אין זייערע געבוירנלענדער. בזה האופן האָבן וואַרשעווער ייִדן זיך צונויפגענומען אויך אין בוענאָס איירעס, כדי מיט בשותפותדיקע כוחות צו שאַפן אַ געזעלשאַפטלעכן יש פון זייערע אָנשטרענגונגען (און פון זייער געווינשאַפט) צו געבן הילף איש לחברו. דעמאָלט זענען נאָך נישט געווען אַזוי שאַרף די אונטערשיידן צווישן פּאַרטיי און פּאַרטיי ביי ייִדן. אַגב האָט אויך די ג ר ו י ס פּ אָ ל י ט י ק נישט אַזוי געשניטן דעם קערפּער פון די ייִדן ווי אַ פּאָלק, ווי עס איז געשען שפּעטער. און אפשר איז דער חילוק וואָס שייך פּאָליטיק געווען אויך פריער, נאָר ביי אַרגענטינער ייִדן איז עס נישט געווען אַזוי ניכר. ייִדישלעכע היימישקייט האָט זיי אין תחילת צונויפגעשמאָלצן, אין אָנבליק פון עקאָנאָמישער און גייסטיקער געענגטקייט. דער וואָרעם פון פאַרדאַרבונג איז געוואָרן קענטיקער ערשט שפּעטער. גענוג אַז דער רוב האָט זיך סוף כל סוף

געכאַפּט אויף דעם בלוטיקן פּ אַ ר ז ע ן און זיך אָפּגעקערט פון די וואָס זענען נישט ראוי דעם נאָמען ייד.

טאַקע שפּעטער איז געקומען צו דעם שאַרפן פירוד. מיר מיינען די אַנטי־יידישע פּאָליטיק פון אַ געוויסער מדינה וואָס האָט — צו אונדזער ווייטיק — פאַרכאַפּט אויך געוויסע יידישע קרייזן אויף אונדזער געזעלשאַפטלעכן פאָרום. יידן האָבן זיך געמוזט שטעלן קעגן יידן, מחמת פּאָליטישן בלבול־המוחות — און עס האָבן זיך געמוזט אָפּטיילן פון דער אַלגעמיינער, אומדיפערענצירטער יידישער מחנה די אַלע וואָס האָבן נישט געוואָלט פאַררעכנט ווערן פאַר פאַרליי־קענערס פון יידישן פאָלק.

יענעם דעמאָלט גיבן מיר אָפּ אונדזערע ווייטערדיקע שורות.

## אַ ביסל געשיכטע

עס האָט זיך אָנגעהויבן אין חודש מיי פון יאָר 1949. עס איז געווען אויף מאָרגן נאָכן ווידערגעבורט פון דער יידישער מלוכהשקייט. דאָס גאַנצע פאָלק איז געווען אַרומגעכאַפּט פונעם ענטוזיאַזם פאַר דער דערשיינונג, וואָס רופט זיך מדינת ישראל. דעמאָלט, אין מיי 1949, האָט מען פּראָקלאַמירט דעם פאַראייניקטן קאַמפּיין פאַר ישראל און די פאַרלייקענערס פון אַל דאָס נאַציאָנאַלע אין יידישן לעבן האָבן אָנגעהויבן ווידערשפּעניקן קעגן דעם רצון פונעם רוב פאָלק. אין יענער צייט האָבן די דאָזיקע עלעמענטן באַקומען דעם נאָמען „כאַוויירים". די דאָזיקע האָבן באַקומען אַן אָנווייז פון „אויבן" אַז מ׳דאַרף שטערן דעם קאַמפּיין לטובת ישראל און אין דעם וועג האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזן, די כאַוויירים. אָרגאַניזירט אין דעם „לאַנדסלייט־פאַראיין פון וואַרשע און אומגעגנט", האָבן די אָנגערופענע עלעמענטן זיך געשטעלט בראש פון דער פאָלקס־פיינטלעכער אַרבעט. זיי האָבן עס געטאָן כלומרשט אין נאָמען פון אַלע וואַרשעווער יידן אין בוענאָס איירעס און דאָס האָט ווי געטאָן די קלאָרזעעוודיקע און ניכטערע. מחמת דעם האָט געמוזט קומען אַ קלאַפּ אין טיש אַריין: איר, ווידערשפּעניקע, טוט וואָס איר טוט, אָבער נישט אין נאָמען פון אַלע וואַרשעווער און פּראַגער יידן, וואָס זענען אויך געווען אָנגעשלאָסן אין דעם „לאַנדסלייט־פאַראיין פון וואַרשע און אומגעגנט".

אין יענעם מאָמענט איז געשטעלט געוואָרן דער פּונקט איבער דער לעצטער שורה פון צוזאַמענזיין מיט די, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר שונאים פון פאָלק ישראל. אין יענעם מאָמענט איז אויפגעקומען די איניציאַטיוו צו טאָן יידישע געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט אין די ראַמען פון אַ באַזונדערער לאַנדסמאַנשאַפטלעכער אָר־גאַניזאַציע פון וואַרשעווער און פּראַגער יידן אין בוענאָס איירעס.

אָנגעהויבן האָט עס זיך אַזוי:

מיר, אַ גרופּע וואַרשעווער יידן, אָנגעהעריקע צו נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און אויך אומפּאַרטייאישע, האָבן זיך צונויפגענומען כדי צו געבן אַ תיקון אונדזער

## די אָרגאַניזיר־קאָמיסיע און גרינדערס פון „פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פראַגער ייִדן" אין בוענאָס אײַרעס



שטייען פון רעכטס אויף לינקס: י. ליכטשטיין, י. מאַרמורעק, י. פרילינגשטיין, מ. שטיינהענדלער, מיכלבערג ע"ה, מיכאל לאַנדסמאַן, פ. פרידמאַן, י. זשולקאָווער, נח נייהויז, אברהם גראָסמאַן, יעמאַן, סימאָן מארדיקס.
עס זיצן: מ. פעדער, י. שוואַנדער, י. פאָגלער, י. גאָלדפעדער, ל. שמולעוויטש, ש. ראָלניק

ווילן צו טאָן ממשותדיקס פאַר דער ייִדישער מדינה וואָס איז קוים איין יאָר אַלט געוועז. באַראָטן זיך און באַשלאָסן צו געבן אַ מעלדונג אין די צייטונגען אַז אַ ל ע וו אַ ר ש ע וו ע ר ייִ ד ן, וועמען ע ס א י ז ל י ב א ו ן ט ײַ ע ר מ ד י נ ת י ש ר א ל ז אָ ל ן ז י ך צ ו נ ו י פ ק ו מ ע ן א ו י ף אַ פ אַ ר ז אַ מ ל ו נ ג. אונדזער רוף איז דערהערט געוואָרן, אַ 50 ייִדן זענען זיך צוזאַמענגעקומען דעם 28סטן יוני 1949 (אויף גורוטשאַגאַ, אין דער שלום עליכם־שול), האָבן אַרומגערעדט די ענינים וואָס זענען מיטן גאַנצן ערנסט געשטעלט געוואָרן אויפן סדר־היום און בהסכם כולם איז געבליבן צו שאַפן אַ נייע אָרגאַני־זאַציע פון וואַרשעווער און פראַגער ייִדן אין אַרגענטינע. דער טראָפּ איז געשטעלט געוואָרן אויפן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער קערפּערשאַפט וואָס דאַרף טאָן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

לשם פינקטלעכקייט דאַרף פאַרצייכנט ווערן אַז מיט דער דאָזיקער גרינדונג־פאַרזאַמלונג האָט אָנגעפירט דער לאַנדסמאַן מרדכי ברוטען. עס זענען אויסגע־קליבן געוואָרן 14 אירע צו אָרגאַניזירן די נייע אָרגאַניזאַציע, ואלה הם:

יצחק גאָלדפעדער, שלמה ראָלניק, לייב שמולעוויטש, משה שטיינהענדלער, יחיאל שוואַנדער, מענדל פעדער, יעקב פאָגלער, פייוול פרידמאַן, יצחק בענעק, ישראל מאַרמורעק, נח נייהויז, משה רינעק, יצחק זשולקאָווער, מיכאל לאַנדסמאַן.

די אויסגעוויילטע אָנפירונג איז זיך דערנאָך צונויפגעקומען אין לאָקאַל „הילף“, אויך קאָריענטעס 1979 און זיך קאָנסטיטויִרט אויף אַזאַ אופן:

פרעזידענט — יצחק גאָלדפעדער; וויצע־פרעזידענט — ישראל מאַרמורעק; סעקרעטאַר — נח נייהויז; פראָ־סעקרעטאַר — מענדל פעדער; קאַסיר — יחיאל שוואַנדער; פראָ־קאַסיר — מיכאל לאַנדסמאַן. פאַרוו׳־מיטגלידער פ. פרידמאַן, שלמה ראָלניק, יצחק זשולקאָווער, יעקב פאָגלער, משה שטיינהענדלער, לייב שמולעוויטש. שפּעטער האָט מען מצרף געווען צו דער אָנפירונג די בני־עיר משה טאַבאַקשניידער, מאַרדעקס, חיים גראָסמאַן, אברהם גראָסמאַן, לייב זאַיאָנץ און שמעון שיעקעראַ. עס איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פרויען־גרופּע, וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען פרוי אידאַ מאַרמורעק.

די ערשטע וויכטיקע אַרבעט פון אונדזער נייער לאַנדסמאַנשאַפט איז געווען דאָס אַרויסלאָזן אַ קול־קורא, וואָס האָט ווערטלעך זיך געלייענט אַזוי:

## צו די ייִדן פון וואַרשע און פראַגע

מיר, גרינדער פון פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פראַגער ייִדן ווענדן זיך צו אַלע ייִדן וואָס שטאַמען פון וואַרשע און פראַגע זיך אָנצושליסן אין א ו נ ד ז ע ר פ אַ ר ב אַ נ ד, דער פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פראַגער ייִדן איז געשאַפן געוואָרן פון אומפּאַרטייאישע און נאַציאָנאַלע ייִדן, וואָס האָבן פריִער געהערט צום וואַרשעווער לאַנדסלייט פאַראיין און זענען פון דעם דאָזיקן פאַראיין אַרויסגעטראָטן אַלס אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן דער אַנטי־נאַציאָנאַלער שטעלונג, וואָס דער

פאַראײן האָט אָנגענומען מיט זײן שטיצן דעם אַזוי גערופענעם פּראָגרעסיװן סעק־טאָר, װעלכער האָט געבראַכן די נאַציאָנאַלע אײניקײט פון אונדזער ישוב מיטן פירן אַ באַזונדערע אַקציע כלומרשט פאַר מדינת ישראל װאָס איז אָבער אין דער אמתן געצילט צו שטערן דעם פאַראײניקטן קאַמפּײן, װעלכער איז דער אײנציקער אויטאָריזירטער קאָמיטעט אָנצופירן מיט דער הילפס־אַרבעט פאַר מדינת ישראל. דער פרידערדיקער װאַרשעװער לאַנדסלײט פאַראײן װעלכער װערט אָנגעפירט פון דער פעדעראַציע פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, רעפּרעזענטירט נישט דעם גײסט פון די העלדישע קעמפער פון װאַרשעװער געטאָ, פון די מיליאָנען שװעסטער און ברידער װאָס אומקומענדיק אין די קאַמפן מיט די נאַציס און אין די קרעמאַטאָריעס האָבן די אונדז איבערגעלאָזן אַ צװאה אָפּצוהיטן דעם כבוד פון ייִדישן פאָלק און קעמפן פאַר דער נאַציאָנאַלער באַפרײאונג. מיר אַלס ייִדן פון װאַרשע און פראַגע, פשוטע אָבער אויפריכטיקע ייִדישע פאָלקס־מענטשן קענען בשום אופן נישט מסכים זײן אַז פרעמדע צו די נאַציאָנאַלע אינטערעסן זאָלן אויסנוצן דעם הײליקן נאָמען פון דער העלדישער שטאָט װאַרשע, פאַר אינטערעסן װאָס זענען קעגן דעם כלל ישראל. מיר באַטראַכטן אַז נאָר דער פאַראײניקטער קאַמפּײן פאַר מדינת ישראל איז דער אײנציקער אויסדרוק פון אונדזער װילן צו העלפן בויען אונדזער מדינה און דערי־בער רופן מיר אַלע װאַרשעװער און פראַגער ייִדן זיך ביישטײערן פאַרן דאָזיקן אײנציקן נאַציאָנאַלן קאַמפּײן און צו באַקעמפן מיט אַלע כוחות די אַקציע פון דעם אַזוי גערופענעם „פּראָגרעסיװן" סעקטאָר װאָס װיל דורך זײן סעפּאַראַטיסטישן פּאַרטײ־קאַמפּײן צעשטערן די אחדות אינעם ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע.

שטיצט מיט אײער ביישטײערונג און מיטאַרבעט דעם פאַראײניקטן קאַמפּײן פאַר מדינת ישראל.

דערלאָזט נישט אַז פרעמדע עלעמענטן, צעשטערער פון ייִדישן אחדות זאָלן רעדן אין אײער נאָמען. דער הײליקער אָנדענק פון די העלדישע קעמפער פון װאַר־שעװער געטאָ און דער כבוד פון דער באַפרײטער ייִדישער מדינה פאָדערן פון אונדז אַ קרבנותפולע פאַראײניקונג אַרום דעם ישראל־קאַמפּײן.

זאָל לעבן מדינת ישראל!

| | |
|---|---|
| **יצחק גאָלדפעדער** | **נח נײהויז** |
| פּרעזידענט | סעקרעטאַר |

**דער פאַרבאַנד װערט געבויט**

**דעם 29סטן אָקטאָבער פון זעלביקן יאָר איז דורכגעפירט געװאָרן דער יום־טוב לכבוד דער גרינדונג פון פאַרבאַנד פון װאַרשעװער און פּראַגער ייִדן. מיר האָבן געדונגען אַ סאַלאָן פאַר 200 מענטשן, װײל מיר האָבן מורא געהאַט טאָמער װעט נישט קומען אַזאַ עולם. צו אַלעמענס שטוינונג איז דער זאַל געװען צו קלײן. מענטשן זענען אַװעקגעגאַנגען, װײל מיר האָבן נישט געהאַט קײן פּלאַץ אַרײנצונעמען אַלע**

וואָס האָבן געוואַלט ביזווינען אונדזער שמחה; דער עולם פראָטעסטירט און מיר זאָגן צו אַז אַ צווייט מאָל וועלן מיר דינגען אַ גרעסערן סאַלאָן.

אָנגעהויבן דעם יום־טוב האָט דער פרעזידענט יצחק גאָלדפעדער מיט אַ פייערלעך וואָרט און געזאָגט דעם עולם אַז סקאָצל־קומט אין נאָמען פון דעם נייעם לאַנדסלייט־פאַרבאַנד. אָנגעפירט מיט דער פייערלעכקייט האָט אונדזער חבר לייב שמולעוויטש און אַ באַריכט פון די נאָך ווינציקע אויפטוען פונעם פאַראיין האָט אָפּגעגעבן אַני עבדכם. איך האָב אויך גערעדט מעניני דיומא וואָס שייך דער נייער אָרגאַניזאַציע. זאָל מיר דערלויבט זיין צו פאַרצייכענען דעם תמצית פון מיינע רייד אין יענעם אָוונט, ווייל זיי האָבן אַ שייכות צום תוך פון אונדזער ציבור־לעבן:

— איצט זענען מיר פאַר־זיך אַן אומאָפּהענגיקע יידישע נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע פון וואַרשעווער און פּראַגער יידן. אונדזער פאַרבאַנד איז אָנגעשלאָסן אין נאַציאָנאַל־ראַט פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, ווייל די „פּראָגרעסיווע" לאַנדסלייט־פאַראיינען שטערן דער אַרבעט פאַר מדינת ישראל און פאַרן פאַראייניקטן קאַמפיין. דער ריס האָט געמוזט קומען, איין מאָל פאַר אַלע מאָל.

אַ רעדע וועגן די פשוטע יידן פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס זענען יאָרן לאַנג געווען פאַרקנעכט צו די לינקע און ווערן אַ דעצידירנדיקער כוח אין דער מיטאַרבעט פאַר ישראל האָט געהאַלטן א. ל. שוסהיים ע"ה. כמעט אין אַלע אַנדערע רעדעס און באַגריסונג־ווערטער איז געקומען צום אויסדרוק ווי שטאַרק ס'זענען געפייניקט געוואָרן די נאַציאָנאַלע געפילן פון די לאַנדסלייט, וועמענס פאַראיינען עס זענען געווען אָנגעשלאָסן אין דער פעדעראַציע פון די פּראָגרעסיווע לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיינען.

די מיטגלידער פון די לאַנדסלייט־פאַראיינען האָבן אָנגעהויבן זען ווי די „פּראָגרעסיווע" האָבן זייער פעדעראַציע פאַרוואַנדלט אין אַ דעקמאַנטל צו טרייבן אַנטי־יידישע פּאָליטיק. אַזאַ שענדונג פון יידישע אינטערעסן האָט מען מער נישט געקאָנט סובל זיין און עס זענען געשאַפן געוואָרן אויך אַנדערע נייע פאַרבאַנדן פון לאַנדסמאַנשאַפטן אַזוי ווי אונדזערער פון וואַרשע און פּראַגע. דעמאָלט איז אויך ליציטירט געוואָרן — בעתן דערעפענונג־אָוונט — אַ בילד פון ד"ר חיים ווייצמאַן וואָס האָט אַריינגעבראַכט סיי אַ מאַטעריעלן, סיי אַ מאָראַלישן צושטייער פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציע. אין נאָוועמבער פון דעם זעלביקן יאָר האָבן מיר דורכגעפירט אַ נייעם יום־טוב, דאָס מאָל שוין אַן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן — צום צווייטן יאָרטאָג זינט דער היסטאָרישער אָפּשטימונג אין דער פעלקער־פאַראייניקונג, אַ דאַנק וועלכער עס איז אונדז אָנערקענט געוואָרן די רעכט פון אַ פאָלק און צו קענען שאַפן פאַר זיך אַ זעלבשטענדיקע יידישע מלוכה אויפן אָבותדיקן באָדן פון ארץ־ישראל. אַגב האָט אויך דער דאָזיקער יום־טוב אונדז אַריינגעבראַכט אַ מאַטעריעלן און ממילא אַ מאָראַלישן דערפאָלג. מיט דער הכנסה האָבן מיר פאַרשריבן אין ספר־הזהב פון קרן־קימת לישראל דעם ערשטן פרעזידענט פון מדינת ישראל, חיים ווייצמאַן.

דעם 19טן אַפּריל 1950 האָט אונדזער לאַנדסמאַנשאַפטלעכער פאַרבאַנד אָרגאַ־

די ערשטע פאַרוואַלטונג פונעם „פאַרבאַנד פון וואַרשעווער
און פּראַגער ייִדן", 1949.



ניזירט אַ טרויער־אַקט צום 7טן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. עס איז געווען אין צענטער־זאַל „פּרינסיפּע". אויפן אומגעווײנטלעכן דערפאָלג און פּאָפּולאַריטעט פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג זאָגט עדות דער פאַקט, וואָס כאָטש דער אזכרה־אַקט איז גערופן געוואָרן אויף 21 אַ זייגער, איז דער זאַל געווען איבער־געפולט אַ פּאָר שעה נאָך פאַר דער אָנגעוויזענער צײַט. מ'האָט געמוזט באַצײַטנס שליסן די טירן פאַר טויזנטער יידן וואָס האָבן בשום אופן נישט געקענט אַרײַנ־קומען אין דעם גרויסן זאַל. נאָך אַ מאָל אַזוי פיל מענטשן, יונג און אַלט, מאַן און פרוי (און אין זאַל זענען אַרײַן טויזנטער!) זענען געבליבן אויף דער גאַס און גע־קומען זענען זיי פון שטאָט און אומגעגנט אויסהערן אַ האַרציק־נאָענט וואָרט וועגן דעם העראָישן אויפשטאַנד פון די וואָס זענען געפאַלן; הערן און זיך גוט אויס־וויינען. געעפנט דעם טרויער־אַקט האָט פּרעזידענט יצחק גאָלדפעדער און אָנגע־פירט מיט אים האָט אברהם מיטלבערג פונעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן — נאַציאָנאַל־ראַט. דער גאַנצער פּראָגראַם ווי אויך די טעכנישע צוגרייטונג איז אויסגעפירט געוואָרן אויסשליסלעך פון דער פאַרוואַלטונג פונעם פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער יידן מיט דער מיטהילף פון דער פרויען־קאָמיסיע. צו דעם אַקט האָט מען אויך אַרויסגעלאָזט אַן אַנטשפּרעכיק יזכור־בלעטל, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון מ. טאַבאַקשנײַדער. אין נאָמען פון נאַציאָנאַל־ראַט האָט בעתן אַקט גערעדט ישעיה גראָדזשיצקי; אין נאָמען פון דער יידישער אַגענץ איז אַרויסגעטראָטן ד"ר אברהם מבשן, מצד דער „דאַיאַ" — ד"ר בנימין רינסקי, מצד דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס — ד"ר יונה קאָוועסקי. אין נאָמען פון אָרגאַניזירטן פּוילישן יידנטום אין אַרגענטינע האָט גערעדט מאַרק טור־קאָוו. אין קינסטלערישן טייל האָט דער אַקטיאָר אהרן אַלעקסאַנדראָוו רעציטירט „עם ישראל חי", דער חזן פּנחס באָרנשטיין, באַגלייט פון כאָר, האָט געמאַכט אַן אל מלא רחמים. מיטן געזאַנג פון „זאָג נישט קיין מאָל" און „התקוה" איז דער אזכרה־אַקט פאַרענדיקט געוואָרן.

הגם אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט מען פון אונדז אַרויסגענומען די איני־ציאַטיוו צו אָרגאַניזירן די צערפולע געדענק־טעג וואָס זענען פאַרבונדן מיטן אומ־געבראַכטן יידישן פּוילן און זיין הויפּטצענטער וואַרשע — עס האָט זי איבערגע־נומען די רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט, די „דאַיאַ", מחמת די צענטראַלע אינ־סטאַנצן פונעם יישוב האָבן זיך געפילט עפּעס אומבאַקוועם למאי אַן אָרגאַניזאַציע וואָס עקסיסטירט קוים אַ יאָר, זאָל זי איבערשטייגן אין אַזאַ וויכטיקער אַרבעט — דאָך וועט עס בלייבן אַן אומאָפּמעקלעכער פּרט אין דער געשיכטע פון אָרגאַניזירטן יידישן לעבן אין אַרגענטינע, אַז דער פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער יידן האָט, ראשית א ו מ מ ע ג ל ע ך ג עמ אַ כ ט אַז דאָס דערמאָנען דעם טרוי־עריקן יאָרטאָג פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשע זאָל ווערן אַ יעווסעקישער מאָנאָפּאָל און, שנית, האָט דער פאַרבאַנד פון די וואַרשעווער אויפגעוועקט דעם מוט פון פּוילישן יידנטום וואָס איז געבליבן נידערשלאָגן, אַפּאַטיש נאָך די אַכזריותן אין אייראָפּע. די אָרגאַניזירטע וואַרשעווער־פּראַגער יידן אין בוענאָס איירעס האָבן

צעטרייסלט די דאָזיקע אַפּאַטיע און זיי האָבן, ווי אַ ציבור, זיך נישט געקענט פֿאַר־האַלטן רק ביים טרויערן אויפן חורבן. דאָס לעבעדיקע לעבן האָט געמאָנט ס׳זייניקע.
און אָט קומען ווייטערדיקע מעשים:

שוין דעם 22סטן אַפּריל 1950 האָבן מיר, וואַרשע־פּראַגער ייִדן, געפייערט דעם יום־טוב פון צווייטן יאָרטאָג זינט דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל. עס איז פאָרגעקומען אין גרויסן סאַלאָן „אַרגענטינא״. אויך דאָס מאָל האָבן מיר מיט אונדזער אַקטיוויטעט באַוויזן די רעכטפאַרטיקייט פון דער עקסיסטענץ פון דעם לאַנדסמאַנשאַפטלעכן פאַרבאַנד. ווידער האָט אָנגעשטראָמט אַ גרויסער עולם וואָס האָט נישט געפונען גענוג פּלעצער אינעם זאַל. אָבער דער יום־טוב איז געווען אַ פולער. יצחק גאָלדפעדער האָט פייערלעך געעפנט דעם זעלטענעם אַקט און מיין ווייניקייט האָט איבערגעלייענט (אין ייִדיש) דעם היסטאָרישן מאַניפעסט וואָס פּראָ־קלאַמירט די מדינה ישראל. מיטן קינסטלערישן טייל האָט אָנגעפירט דער בן־עיר סימאָן מאַרדיקס.

פאַר דער קק״ל־זאַמלונג האָבן מיר פאַרשריבן אין ספר הזהב דעם ערשטן פּאָרזיצער פון דער כנסת יוסף שפּרינצאַק. אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען וואָס עס האָט וועגן דעם געשריבן „די פּרעסע״ און „די אידישע צייטונג״:

„דער פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער ייִדן, אַ אינסטיטוציע וואָס עקסיס־טירט קוים אַ יאָר צייט האָט באַוויזן דורכצופירן צוויי גרויסע אַקטן פון פאַרנעם: די טרויער־אַקאַדעמיע אינעם זיבעטן אַניווערסאַר פונעם אויפשטאַנד אין וואַר־שעווער געטאָ און די פייערונג פון צווייטן אַניווערסאַר פון מדינת ישראל און פונקט ווי דער סאַלאָן „פּרינציפּע״ איז געווען צו קליין אויפצונעמען די טויזנטער און טויזנטער ייִדן וואָס האָבן געשטראָמט פון אַלע עקן, אַזוי איז אויך געווען קליין דער סאַלאָן „לאַ אַרכענטינאַ״ אויפצונעמען דעם גאַנצן עולם וואָס איז געקומען צום יום־טוב לכבוד דעם צווייטן אַניווערסאַר פון מדינת ישראל. די איינטריט־קאַרטן זענען געווען אויספאַרקויפט מיט אַ סך טעג פריִער; דער סאַלאָן „לאַ אַרכענטינאַ״ וואָס נעמט אַריין הונדערטער פּערזאָנען, איז געווען שיין דעקאָרירט, אַלע טישן פול מיט אַרגענטינער און ייִדישע פענדלעך, די בינע באַפּוצט מיט גרויסע פּאָנען פון ביידע לענדער און בילדער פון הערצלען ז״ל און וויצמאַן ז״ל און גע־נעראַל סאַן מאַרטין. ביים אַריינקומען אין דעם העל־באַלויכטענעם סאַלאָן איז מען באַלד מיטגעריסן געוואָרן פון דער רחבותדיקייט און יום־טובדיקייט. אָנגעהויבן האָט זיך דער אַקט מיט אַ קורץ וואָרט פון פּרעזידענט פון פאַרבאַנד ה׳ גאָלדפעדער, וועלכער דערמאָנט אַז מיר געפינען זיך אין יאָר פון גענעראַל סאַן מאַרטין. דער עולם שטעלט זיך אויף, מען שפּילט דעם אַרגענטינער הימן ווי אויך די „התקוה״ וואָס ווערט מיטגעזונגען פונעם עולם. גאָלדפעדער רעדט דערנאָך וועגן דער באַ־דייטונג פון מדינת ישראל פאַרן ייִדישן פאָלק, נאָך קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר ליידן, פאַרפאָלגונגען, בלבולים און שחיטות, נאָך הונדערטער יאָרן נע ונד־זיין אין דער גרויסער וועלט האָט דאָס ייִדישע פאָלק צוריק אַן אייגענע היים. ביז איצט האָבן אונדזערע גרויסע געשאַפן פאַר פרעמדע און איצט וועט מעגלעך זיין צו שאַפן פאַרן

אייגענעם פאָלק און לאַנד; ביז איצט האָט מען געדאַרפט קעמפן אין פרעמדע רייען און באַהאַנדלט געוואָרן מיט אומדאַנק און היינט, אויב מען קעמפט, טוט מען עס פאַרן אייגענעם פאָלק. די פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל מיט צוויי יאָר צוריק איז געווען נישט בלויז די פּראָקלאַמירונג פון זעלבשטענדיקייט פון ישראל נאָר אויך די מעלדונג פון דערהויבונג פון גאַנצן יידישן פאָלק. ער בעט אויפשטיין און באַערן די חלוצים און צ. ה. ל. וואָס זענען געפאַלן אין פאַרטיידיקונג פון דעם אַלט־ניי פאָטערלאַנד. דער רעדנער דריקט אויס די פרייד וואָס צו דער פייערונג איז זיך צוזאַמענגעקומען אַזאַ אָנגעזעענער עולם און דערקלערט דערמיט דעם אַקט אַלס דערעפנט. דער סעקרעטאַר נח נייהויז לייענט איבער די דעקלאַראַציע פון דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל, וואָס דער עולם נעמט אויף מיט אַקלאַמאַציע. ער באַגריסט דעם עולם מיט א „בשם מדינת ישראל שלום" און ער רופט צו קאָנ־קרעטע מעשים פאַר ישראל. עס ווערט נאָך סערווירט אַ רייכע מאָלצייט און אַן אָרקעסטער שפּילט צו פאָלקסמאָטיוון און ישראל־לידער, וואָס דער עולם זינגט און פּליעסקעט צו היימישלעך מיט די הענט. מיט באַזונדערן ענטוזיאַזם ווערט מיט־געזונגען דאָס פּאָפּולערע לידל „וואַרשע דו מיין". די גינציקע שטימונג האָט אויס־גענוצט די פרויען־קאָמיסיע, וואָס האָט דורכגעפירט אַ זאַמלונג פאַרן קק"ל. צום סוף איז פאָרגעקומען אַ באַל, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז פאַרטאָג. דער דאָזיקער שיינער יום־טוב וועט בלייבן לאַנג, לאַנג אין זכרון ביי די וואַרשעווער און זייערע סימפּאַטיזירער וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין אים".

אַזוי האָבן געשריבן די צייטונגען אויף צומאָרגנס נאָכן יום־טוב. און דעם 30סטן אַפּריל פון דעם זעלביקן יאָר האָט דער פאַרבאַנד אָפּגעדעקט אַ בראָנדזענעם טאָוול אויפן מאָנומענט פון די 6 מיליאָן קדושים אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ. עס איז געווען אַ גרויסער עולם וואָס איז נישט צום באַשרייבן. פּרעזידענט יצחק גאָלדפעדער האָט געעפנט דעם טרויער־צונויפקום און איך, אייער קנעכט, האָב געהאַלטן דעם הספד. די פרויען־קאָמיסיע האָט אַוועקגעלייגט אַ קראַנץ בלומען צופוסנס פונעם מאָנומענט. אַ וויטערדיקער שריט אין דער אינטענסיווער אַרבעט פונעם פאַרבאַנד איז דאָס אַריינטראָגן אין דעם פאַראייניקטן קאַמפּיין פאַר ישראל אַ געהעריקע ביישטייערונג. מיר האָבן נישט געוואַרט ביז די אַקציע איז עפנטלעך פּראָקלאַמירט געוואָרן פאַרן געגעבענעם יאָר. אַזוי אַרום זענען די אָרגאַניזירטע וואַרשעווער און פּראַגער יידן געוואָרן אַ מוסטער פון נאַציאָנאַלער דיסציפּלין כלפּי מדינת ישראל.

### פאַקטן, מעשים

יאָ, איך מוז דאָ קומען מיט אַ וואָרט פון התנצלות: איך וויל זאָגן אַז כ'באַ־שרייב בעיקר דאָס ערשטע און צווייטע יאָר עקסיסטענץ פונעם פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער יידן, ווייל אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט זיך איבערגע־חזרט דאָס זעלביקע וואָס פריער. צום ביישפּיל: אונדזער אַרבעט לטובת דעם קרן

פאַרוואַלטונג פון „פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פראַגער ייִדן‟, 1958



קימת לישראל במשך פון די פאַרגאַנגענע צען יאָר האָט געגעבן אָט־דעם רעזולטאַט:

דער פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער יידן האָט פאַרשריבן אין ספר הזהב פון קק״ל דעם ד״ר חיים וויצמאַן ז״ל, דעם יושב־ראש הכנסת יוסף שפּרינצאַק ז״ל, משה שרת צו לאַנגע יאָרן, גאָלדע מאיר, די כנסת־דעפּוטאַטן ד״ר ניר און ד״ר שעכטמאַן, וואָס האָבן באַזוכט בוענאָס איירעס, אויך משה רון, דעם וואַרשעווער, וואָס איז זינט יאָרן דער פאָרשטייער פון די ישראל־זשורנאַליסטן.

פון אָרטיקע עסקנים האָט דער פאַרבאַנד איינגעשריבן אין ספר הזהב פון קרן קימת: נח נייהויז, ישראל מאַרמורעק, דוד פרענדזעל, שמעון שיעקערא, משה פּאַכט, יעקב זילבערמאַן, שלום אַנט, משה ליכטשטיין און איסר רעטשאַיניק ע״ה. אין כבוד פון איסר רעטשאַיניק, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1956, האָט דער פאַרבאַנד אויך אָפּגעדעקט אויף זיין קבר אַ בראָנדז־טאָוול ווי פאַרן געוועזענעם סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע. עס איז אויך געפּלאַנצט געוואָרן אַ חורשה אין יער־קדושים אויפן נאָמען פון דער וואַרשעווער קהילה. אין 1957 האָט דער פאַר־באַנד אַרויסגעגעבן אַ זשעטאָן, אויף אַ שוואַרצן פאָן מיט אַ געלן מגן־דוד, לזכר די קדושים פון וואַרשעווער געטאָ. אגב איז דער ריווח פון זשעטאָן, וואָס איז פאַר־קויפט געוואָרן צווישן יידן, באַשטימט געוואָרן פאַרן קק״ל.

עס איז כדאַי באַזונדערס צו אַקצענטירן: אַלע יאָר האָבן מיר די ע ר ש ט ע אַריינגעטראָגן די ביישטייערונג פאַרן פאַראייניקטן קאַמפּיין פאַר ישראל. אַזוי פירט זיך דער פאַרבאַנד ביזן היינטיקן טאָג.

אַ וויכטיקער, שטאַרק געדענקלעכער פּרק פון דער אַרבעט שטייט אונטער דער דאַטע 1951—1952. דעמאָלט איז די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט אָפּגעגעבן גע־וואָרן אויף שיקן שפּייז־פּעקלעך קיין מדינת ישראל. עס איז געווען אַן אינדיווידועלע הילף פאַר משפחה־מענטשן, פאַר פריינד און לאַנדסלייט אין דער יידישער מדינה; די אַרבעט איז געווען אַ מאַסנהאַפטיקע און הייליקע. ווייל ס׳זענען געווען די יאָרן פון גרויסער איינוואַנדערונג פון יידן קיין ישראל. די נייע עליה האָט אַרויסגערופן אומגעהייערע שוועריקייטן אין פּרט פון איינאָרדענונג, אין פּרט פון פּרנסה פאַר די נייע עולים. לכן איז די אינדיווידועלע הילף פאַר די נייע ישראל־איינוווינערס געווען אַ דרינגלעכקייט פון ממש היסטאָרישן באַטייט. דער פאַרבאַנד פון וואַר־שעווער און פּראַגער יידן האָט גענומען אויף זיך די דאָזיקע ערנסטע פליכט און די אינדיווידועלע פּעקלעך זענען אין יענער צייט געוואָרן אַן עיקר־ציל פון דער אָרגאַניזאַציע. לאָמיר זיך דערמאָנען ווי אַזוי דאָס האָט אויסגעזען: אייניקע פון די אַקטיווע עסקנים האָבן זיך פאַרנומען מיט איינקויפן שפּייז־אַרטיקלען, אַנדערע האָבן צונויפגעפּירט די נייטיקע קעסטלעך פאַר שפּייז און נאָך אַן אַנדער גרופּע האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער שיקונג דירעקט, זיי האָבן זיך ספּעציאַליזירט מיט די פּאָסט־ענינים, אין פּראַגעס פון צאָל־אַמט (אַדואַנאַ) און ענלעכע זאַכן. יאָ, געווען אויך עסקנים וואָס האָבן זיך אויסגעטויגט ביים איינפּאַקן די פּעקלעך און אָפּוועגן זיי, וואָרן איטלעכע שיקונג האָט נישט געטאָרט זיין שווערער פון 10 קילאָגראַם. די פּאַקעריי איז געווען אין הויז פון פריינד יחיאל שוואַנדער. יעדן זונטיק פרי

האָבן חברים־טוערס זיך פאַרזאַמלט אין י. שוואַנדערס שטוב און זיך עוסק געווען מיטן פּאַקן אַזוי אַז פאַר אַ גאַנצער גײענדיקער וואָך זאָל זײן אַרבעט פאַר אַלע אַנדערע פּעקל־מאַכערס. יעדן מאָנטיק אין דער פרי בין איך, אײער קנעכט, געוואָרן דער שאָפער וואָס האָט צוגענומען אַלע פּעקלעך צום אַרויסשיקן. אויפגעלאָדן די משא אויף מײן קאָטש און זײ אָוועקגעפירט אין צאָל־אַמט. אַזוי האָט עס זיך אײַ־בערגעחזרט וואָך־אײַן, וואָך־אויס און שטראָמען פּעקלעך זענען געגאַנגען פון די וואַרשעווער אין בוענאָס אײרעס צו די וואַרשעווער און פּראַגער ייִדן אין מדינת ישראל.

װײטער: במשך די אַלע יאָרן האָט דער פאַרבאַנד אויפגענומען אַ רײ שרײַ־בערס װי: מלך טשעמני און אויך אַרויסגעגעבן זײנס אַ בוך „פּוילישע ייִדן" וואָס האָט געבראַכט אַ באַטײטיקן מאָראַלישן דערפאָלג; שרה בירנבוים, בשײכות מיטן דערשײנען פון אירס אַ לידער־בוך; אברהם סוצקעווער פון ישראל, בעת זײן באַזוך בײ אונדז אין לאַנד; דעם ישראל־זשורנאַליסט משה רון; אויך ד״ר ארזי און ד״ר ראובן בן־שם פון ישראל; דעם ד״ר חיים שאָשקעס פון ניו־יאָרק; דעם בראַזיליע־נער זשורנאַליסט מאַרקאָס יאַקובאָוויטש. מ׳האָט אויך דורכגעפירט אַ באַערונג פאַר משה דוד גיסער (ע״ה) צום דערשײנען פון זײן פּאָעמע „יוליוס און מאַרי".

צו די קולטור־איניציאַטיװעס פונעם פאַרבאַנד וואַרשעווער און פּראַגער ייִדן דאַרף דאָס גלײכן צוגעשריבן ווערן דאָס אײנאָרדענען פאַרלעזונגען און לעקציעס פון אָנגעזעענע ייִדן וואָס ווירקן אין אונדזער סביבה. אַזוי האָבן ד״ר טביה קאַ־מענשײן און חיים פינקעלשטײן אָפּגעגעבן גרוסן פון 24סטן ציוניסטישן קאָנגרעס; אַ לעקציע האָט געהאַלטן משה שענדעריי. עולם האָט אַלעמען אויסגעהערט מיט דאַנקבאַרקײט. און עס זענען געווען נאָך אַנדערע, מערערע אינעווײניקדיקע אונ־טערנעמונגען פונעם פאַרבאַנד, אונטערנעמונגען וואָס זענען געווען אָפּגעגעבן די פרײדן און — נישט געשען זאָל עס מער — די לײדן פון דער משפחה וואַרשעווער און פּראַגער ייִדן.

און זאָלן מיר טאַקע אויך אָפּגעבן דעם חוב פון כבוד דער געדעכעניש נאָך די וואָס זענען פריצײטיק אַרויסגעריסן געוואָרן פונעם צרור החיים און זײ זענען בײ זײער לעבן געווען געטרײ דער זאַך פון אונדזער אָרגאַניזאַציע.

במשך דער צײט וואָס ווערט דאָ באַשריבן, האָבן מיר נעמלעך אָנגעווירן די אַקטיווע פרײנד יעקב לאָשיצער (אין יאָר 1953), אברהם דיקערמאַן (אין 1954), יצחק יאַקובאָוויטש (אין 1956), יוסף וויסיפּקאַ, וואָס איז געווען סעקרעטאַר אין דריטן אַרבעט־פּעריאָד פון פאַרבאַנד, פּנחס האָפּער, דעם ליטעראַטור־מעצענאַט וואָס האָט באַשײנט אונדזערע רײען מיט זײן באַשײדנקײט און זײן מתן בסתר; עס איז אַוועק פון אונדז משה לײווא, דער באַוווסטער ביבליאָפיל און קולטור־עסקן וואָס איז געווען פאַרוואַלטונג־מיטגליד עד יום מותו אין 1958; עס איז נישט געוואָרן פון די רײען פון די וואַרשעווער אין בוענאָס אײרעס פעליפּע פרענקעל און מיר דערמאָנען מיט צער דעם אָנדענק פון לײבל מיכעלבערג. יהא זכרם ברוך! אַ שווע־רע אבידה האָבן מיר געהאַט מיטן אַוועקגײן — אין 1958 — פון אליעזר וואַסער־

בערגער, דער טעכנישער אָנפירער פון אונדזער פאַרבאַנד. ער איז געשטאַנען ביי דער אַרבעט זינט דעם ערשטן טאָג פון אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלן אויפקום. אליעזר וואַסערבערגער האָט די פּאָזיציעס געהיטן ווי זיין אייגנטום. אין זייער אַלעמענס אָנדענק בייגן מיר אונדזערע קעפּ אין טיפן צער.

## דער דאַך און דער תוך פונעם פאַרבאַנד

זאָל אויך פאַרשריבן ווערן פאַרן ווייטערדיקן געדענקען: זינט אונדזער אָר־גאַניזאַציאָנעלן אַנטשטיין האָט דער פאַרבאַנד זיך געפונען, פּראָוויזאָריש, אין לאָקאַל פון דער געזעלשאַפט „הילף" אויף קאָריענטעס 1979. די דאָזיקע צייטווייליקייט האָט געדויערט פון 1949 ביז מיי 1952. אין 1952 האָט דער „פאַרבאַנד" זיך אַריי־בערגעקליבן אין אַן אייגענעם לאָקאַל, אויף קאַנגאַזשאָ 1760, ווו די אַרבעט האָט ערשט באַקומען מעגלעכקייטן פאַר אויסשפּרייטן זיך און געווינען שווונג. דער סאַלאָן קאַנגאַזשאָ 1760 האָט, צו אונדזער שטאָלץ, באַקומען אַ שם אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט פון בוענאָס איירעס און דאָס טאַקע אַ דאַנק דער שיינער אַרבעט וואָס ווערט אָפּגעטאָן אין זיינע גבולין. נעמלעך: אין ווינטער־זמן ווערן דורכגעפירט עונג־שבתים מיט פאַרשיידנאַרטיקע פּראָגראַמען ווי לעקציעס, שמועסן אויף קול־טור־טעמעס, געזאַנג, רעציטאַציעס; עס ווערן אויך דורכגעפירט ימים־טובים אין געשיכטלעכע דאַטעס, קבלת פּנימס פאַר חשובע אויסלענדישע געסט און פייער־לעכע געזעגענונגען פאַר אייגענע וואָס מאַכן ווייטע נסיעות און זיי ווערן היימישלעך באַגעגנט צו זייער צוריקקומען. פאַרביקייט האָט דאָס גלייכן אַריינגעבראַכט אין דער אַרבעט די שותפות מיטן יידישן שרייבער־פאַראיין ה. ד. נאָמבערג, אַ דאַנק וואָס עס איז אין אונדזער סאַלאָן אַנטשטאַנען דער קלוב „טלאָמאַצקע 13", וועלכער זאַמלט צונויף אַ גרויסן עולם, וואָס קומט געניסן פון יידישער גייסטיקייט. און מתוך וואַרעמקייט, וואָס איז נייטיק דער סביבה, פאַרגעסט מע נישט צו היטן די אַחריות פון אונדזער קליינעם ציבור כלפּי די כללישע אויפגאַבעס, דהיינו:

אונדזער פאַרבאַנד באַגרענעצט זיך נישט בלויז מיט ענגער לאַנדסמאַנשאַפט־לעכער אַרבעט — אַז וואַרשעווער דאַרפן העלפן זייערע בני עיר. דער איינשטעל איז ברייטער. מיר האָבן אין אויג אויך פילאַנטראָפּישע הילף פאַר וואַרשעווער יידן ווי אויך פאַר פאַרשיידענע אַנדערע צוועקן פון דעם מין. דער פאַרבאַנד פון די וואַרשעווער און פּראַגער יידן שטיצט דאָס גלייכן אויך געזעלשאַפטלעכע אינסטי־טוציעס וואָס פירן אַ נאַציאָנאַלע אַרבעט. פאַר די דאָזיקע צוועקן גיט מען אַרויס באַטייטיקע סכומים געלט. פאַר אַנדערע אינסטיטוציעס שטעלט מען אויך אין רשות דעם אייגענעם לאָקאַל, נאַטירלעך אַז פאַר געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענקומען. די טוערס ווי אויך די מיטגלידער פונעם פאַרבאַנד נעמען אָנטייל אין אומצייליקע געזעלשאַפטלעכע קערפּערשאַפטן וואָס טוען נאַציאָנאַלע כללישע זאַכן, עסקנים פון וואַרשע זענען בכבוד פאַרטראָטן אין די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס פונעם ישוב.

דאָ דאַרף מע מוסיף זיין אַז צו דער אינטימקייט, וואַרעמקייט פון די ימים־טובים ווירקט מיט אַ סך די פרויען־קאָמיסיע ביים פאַרבאַנד. די פרויען באַשיינען

פרויען-קאָמיטעט בײַם „פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער ייִדן, 1958



און באַהנען די פּייערלעכע אָוונטן מיט די היימישלעך־ייִדישע פאַרבייסעכצן, מיט אַלעם דעם, וואָס ברענגט אַריין היימישע שטימונג ביי יעדן צונויפקום.

און צום סוף: אין לויף פון די פאַרגאַנגענע צען יאָר האָבן פינף מאָל זיך געביטן די אָנפירונגען פונעם פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פראַגער ייִדן אין בוענאָס איירעס. כידוע איז געווען דער ערשטער פרעזידענט יצחק גאָלדפעדער, סעקרעטאַר — נח נייהויז, קאַסיר — יחיאל שוואַנדער. פאַרן צווייטן פעריאָד איז געווען פרעזידענט — יחיאל שוואַנדער, סעקרעטאַר — ישראל מארמורעק, קאַסיר — אברהם יעקב לאשיצער (ע״ה) און אברהם גראָסמאַן. פאַרן דריטן פעריאָד: פרעזידענט — יעקב זילבערמאַן, סעקרעטאַר — נח נייהויז, קאַסיר — לעאָן זאַיאָנץ. פאַרן פערטן פעריאָד: פרעזידענט — יעקב זילבערמאַן, איסר ריטשאינעק — סעקרעטאַר, לעאָן זאַיאָנץ — קאַסיר. איצט, אין פינפטן אַרבעט־פעריאָד, שליסט אָפּ די פאַרוואַלטונג פונעם פאַרבאַנד דעם ערשטן יאָרצענדלינג פון דער עקסיסטענץ פון דער לאַנדסמאַנשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע. אַגב, מחמת דוחק אין פּלאַץ איז אוממעגלעך אויסצורעכענען דעם פולן צוזאַמענשטעל פון אַלע פאַרוואַלטונגען, וואָס האָבן אָנגעפירט די אַרבעט פונעם פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פראַגער ייִדן אין די באַזונדערע פעריאָדן. דער איצטיקער צוזאַמענשטעל פון דער אָנפירונג איז אַזאַ:

ישראל מארמורעק — פרעזידענט; נח נייהויז — ערשטער וויצע־פרעזידענט; לעאָן לובענפעלד — צווייטער וויצע־פרעזידענט; חיים אייזענבערג — סעקרעטאַר; אַברהם גראָסמאַן — פראָסעקרעטאַר; ראובן מיינטשעמער — אַקטן־סעקרעטאַר; יעקב זילבערמאַן — קאַסיר; ישראל רייזנער — פראָקאַסיר. פאַרוואַלטונג־מיטגלידער זענען: ישכר ראזען, נתן שריפטגיסער, פייוול פרידמאַן, לעאָן זאַיאָנץ, יצחק זשולקאווער, ראָבערטאָ קליינבורד, יוסף עקשטיין, דוד פרענדזעל, משה פאכט, יוסף פרילינגשטיין, בנימין צוקערמאַן, יעקב פאגלער. רעכענונג־איבערזעערס: יחיאל שוואַנדער, שמעון שיעקעראַ.

זאָל אויך נישט פאַרגעסן ווערן דער וואָגיקער ביישטייער פון דער פרויען־קאָמיסיע, וואָס האָט פאַר די אַלע יאָרן מיטגעווירקט לטובת דער פּרוכטבאַרער אַקטיוויטעט פונעם פאַרבאַנד. צוגלייך מיט יעדער נייער פאַרוואַלטונג איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע פרויען־קאָמיסיע, וואָס האָט אויך זיך געביטן פינף מאָל, און נעמלעך: די ערשטע פרעזידענטין איז געווען אידאַ מאַרמורעק, סעקרעטאַרין שרה סמאָלאַרטשיק, קאַסירערן בערטאַ נייהויז; צווייטע פרעזידענטין בערטאַ נייהויז, סעקרעטאַרין עדאַ גראָסמאַן, קאַסירערין — אידאַ מאַרמורעק; דריטע פרעזידענטין אסתר שטיינבערג, סעקרעטאַרין — בערטאַ נייהויז, קאַסירערין — אידאַ מאַרמורעק; פערטע פרעזידענטין — בערטאַ נייהויז, סעקרעטאַרין — העניע שריפטגיסער, קאַסירערין — סאָניע זילבערמאַן; פינפטע פרעזידענטין איז סאָניע זילבערמאַן, סעקרעטאַרין — רחל אייזענבערג, קאַסירערין — ראָסאַ פרענדזעל.

אין 1952 איז ביים פאַרבאַנד אויך געשאַפן געוואָרן אַ לייַ־קאַסע, וועלכע איז עולה יפה געווען, אָבער דאָס איז שוין אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

נתן שריפטגיסער

# קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע „קאַזשאַאָ“

...אויפן שטח פון לאַנדסמאַנשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע האָט לגמרי אויפגעהערט די באַוועגונג אַרום הילף פאַר נייע אימיגראַנטן. שוין יאָרן ווי דאָס איז קלאָר געוואָרן פאַר אַן אונדזעריקן. נישטאָ כמעט קיין וואַרשעווער ייִדן (און אויך גישט פון אַנדערע שטעט) וואָס זאָלן וועלן — און קענען — אַריינקומען קיין אַרגענטינע. פּשוט: נישטאָ שוין מער יענע וואַרשע, וואָס האָט געצאַפּלט מיט ייִדיש לעבן און שטרעבן. צו אונדז קומען מער נישט קיין נאָענטע פון מרחקים, מיר דאַרפן זיך נישט באַמיִען וועגן אַרויספאָדערונג־פּאַפּירן („זשאַמאַדעס“) פאַר קרובים, פאַר פריינד, מיר דאַרפן נישט זאָרגן פאַר שיפקאַרטן, דערנאָך פאַר איינאָרדענען די אַריבערגעקומענע, ווי עס איז געווען אין די פריִערדיקע אימיגראַנטישע יאָרן. גאָר אַן אַנדערן אינהאַלט האָט אָנגענומען די אַרבעט פון די לאַנדסלייט־פאַראיינען, אויך אַנדערע פאָרמען.

אין דער איצטיקער אַנטוויקלונג־פאַזע פון די ייִדישע ישובים אויף אונדזער קאָנטינענט מוז דער אויסבליק זיין געווענדט אויף דער פאַרפעסטיקונג פון די ציבורדיקע דערגרייכונגען; קודם־כל אויף פאַרטיפן דעם ייִדישן תוך פונעם כלל־לעבן און ממילא אויף ממשותדיקער מיטווירקונג פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון מדינת ישראל. דאָס קומט צום אויסדרוק אויף כלערליי אופנים, דהיינו — אין דירעקטער אַקטיוויטעט לטובת אַלע אַקציעס פאַר דער ייִדישער מדינה און אין פאַרמערן, פאַרפעסטיקן די פאַקטאָרן וואָס זענען כולל דעם אינטענסיוון נאַציאָנאַלן אויפלעב פון ייִדן ווי יחידים און ווי אַ פאָלק מיט בשותפותדיקע אַספּיראַציעס.

די דאָזיקע נייע אומוואַנדלונג פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָט געמוזט אָננעמען אויך די ייִדישע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע באַוועגונג. און זי איז טאַקע געשטעלט געוואָרן מיטן פּנים פאַר דורכויסיקער נאַציאָנאַלער אַחריות. אויף דעם וועג האָט געמוזט אַרויף אויך דער פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער ייִדן אין בוענאָס אײַרעס. מ׳באַדאַרף טון אַזוי אַז אויך אונדזער חלק זאָל זיין אין דעם אָנשטרענג פונעם פאָלק לטובת דער אידייע פון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס. אויפן לשון פון דער איצטיקער געזעלשאַפטלעכער ווירקלעכקייט הייסט עס צו ווירקן ממשותדיק אַז דער יונגער ייִדישער דור זאָל האָבן דעם פולן באַוווסטזיין אַז ער איז אַ צווייג פונעם רעכטפאַרטיקן ייִדישן פאָלק פון זיינע פאָטערס און זיידעס; אַז ארץ־ישראל איז דאָס היסטאָרישע לאַנד פון די ייִדן וואָס האָבן לאַנגע דורות געחלומט

און געקעמפט פאַר זיין אויסלייזונג. דערפון איז געדרונגען אַז נאַציאָנאַלע דערציִונג פון יידישע קינדער איז אַ טייל פון די זאָרגן פון יעדן יידישן כלל, אַז, אַז — — אַ סך אַרגומענטן רעדן דערפאַר אַז אויך די לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס מוזן נעמען אויף זיך דעם חוב און די זאָרג פון פאָלק.

דערפון דער געדאַנק אַז מ׳דאַרף געפינען דעם געהעריקן אינסטרומענט, וואָס זאָל דערמעגלעכן נאָכצוקומען די נייע אַחריותן. און די נייע נויטן האָבן אַרויס־געפירט אויף נייע וועגן. אין שויס פון די אָרגאַניזירטע וואַרשעווער און פראַגער יידן האָט די אידייע אַרויסגעבראַכט אונדזער חבר נח נייהויז. מיר ווילן אַז עס זאָל פאַרצייכנט ווערן צום לאַנגן געדענקען:

דאָס איז געווען אין אַפּריל פון יאָר 1953. צו אַן ענגן קרייז פון עסקנים איז נח נייהויז געקומען מיטן געדאַנק צו שאַפן ביים „פאַרבאַנד" אַ ליי־קאַסע. אַזאַ וועט בלי ספק מיטווירקן צום קאָנסאָלידירן די אַחדות פון די וואַרשעווער יידן, וואָס זענען איבערגעגעבן דער כלל־אַרבעט; היינט, אויב מ׳וויל עפּעס טון געזעל־שאַפטלעכס, מוז מען האָבן גרעסערע געלטער. אַ קאַסע וועט געבן מיטלען צו ביי־שטייערן ביי גרויסע יידישע קאַמפּיינען און זי וועט קענען זיין אַ מכשיר פון אונ־טערקומען מיט וואָלוועלן קרעדיט די מיטגלידער, וואָס נייטיקן זיך דערין; דאָס גרינדן אַזאַ ליי־קאַסע קען אויך טעכניש רעאַליזירט ווערן אויף אַ גרינגן אופן — האָט מאָטיווירט דער איניציאַטאָר: עס קענען גוט פאַרשפּרייט ווערן די אַקציעס פון דער ליי־קאַסע, גיכער ווי פאַרקויפן איינטריט־קאַרטן פאַר געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, וואָס איז אַגב אַריין אין דער פּראַקטיק פון כלערליי פאַראיינען; והשנית איז דאָס שאַפן אַ ליי־קאַסע אַ נויטווענדיקייט שוין פונעם שטאַנדפּונקט פון קענען אויסהאַלטן דעם בודזשעט פונעם לאַנדסמאַנשאַפטלעכן פאַרבאַנד. וואָרן די דערפאַרונג האָט באַוויזן אַז בלויז די הכנסה פון מיטגליד־אָפּצאָל קען בשום אופן נישט דעקן די הוצאות פונעם „פאַרבאַנד". אַ רירעוודיקע ליי־קאַסע קען ברענגען פּראַקטישע נוצן דער מיטגלידערשאַפט און זי קען אויך שטאַרקן די רייען פון דער אָרגאַניזאַציע. הקיצור, אַלע אַרגומענטן האָבן גערעדט דערפאַר אַז מ׳דאַרף צוטרעטן שאַפן אַן אייגענע ליי־קאַסע. אָבער פונעם פּלאַן ביז דער רעאַליזירונג איז אַ שטיקל מהלך. די עסקנים האָבן מורא געהאַט אַז ס׳איז „צו געוואַגט", ס׳איז גלייכער עס אָפּצולייגן אויף אַ שפּעטערדיקער צייט.

און ברוך השם, צו דער שפּעטערדיקער צייט האָבן מיר זיך דערוואַרט. אין 1956, ווען נח נייהויז איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר פּרעזידענט פונעם פאַרבאַנד וואַרשעווער און פּראַגער יידן, איז ער מיט צודרינגלעכקייט צוגע־שטאַנען מיט זיין איניציאַטיוו וועגן שאַפן די ליי־קאַסע ביים פאַראיין. און ס׳איז געשען. אין די לעצטע טעג פון יולי 1956 איז פון די לאַנגע רייד געוואָרן וואָר. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ צייטווייליקע אָנפירונג פון דער ליי־קאַסע ביים „פאַר־באַנד". מ׳איז צוגעטרעטן צו מעשים.

אין צוזאַמענשטעל פון דער פּראָוויזאָרישער פאַרוואַלטונג זענען אַריין.

נתן שריפטגיסער — פּרעזידענט; וויצע־פּרעזידענט — משה ליכטשטיין;

סעקרעטאַר — נח נייהויז; פראָסעקרעטאר — ישכר ראָזן; קאַסיר — משה שטיינהענדלער; פראָ־קאַסיר — ישראל רייזנער. דירעקטאָרן: יצחק זשולקאָווער, יהודה וואָידעסלאַווסקי, יעקב ליכטשטיין, יעקב פרילינגשטיין, דוד פרענדזעל, לייבל שוואַנדער, סענדער פרענגלער; סינדיקאָ — חיים אייזנבערג, פאַרטרעטער — ישראל מאַרמורעק. פאַר אונדזער לעגאַלן פאַרטיידיקער איז באַשטימט געוואָרן ד״ר אברהם חדקל.

אויפן 12טן אויגוסט 1956 האָט די ניי־געשאַפענע לײַ־קאַסע געגעבן אַ זשורנאַליסטן־קאָנפערענץ בעת וועלכער עס זענען פראָקלאַמירט געוואָרן די צילן און אויפגאַבעס פון דער נייער יידישער קרעדיט־געזעלשאַפט. דער פרעזידענט פונעם פאַרבאַנד און גלייכצייטיק דער סעקרעטאַר פון דער ניי־געגרינדעטער לײַ־קאַסע, נח נייהויז, האָט אין זיינע דערקלערונגען אַקצענטירט אַז מיר האָבן זיך געשטעלט ווייט העכערע אויפגאַבעס ווי דאָס, וואָס איז אָנגעצייכנט פאַר אַ לײַ־קאַסע. מיר האָבן געמלעך אַ ן  א י ד ע אַ ל  צו העלפן אינעם אויפבוי פון דער יונגער מדינת ישראל, צו העלפן אין דער עליה פונעם מיטלקלאַס און בײַצושטייערן צו אַלץ, וואָס איז נאַציאָנאַל־געזונט אין אונדזער יישוב. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די אַקציאָנערן פון דער נייער לײַ־קאַסע זענען בלב ונפש איבערגעגעבן דער יידישער מדינה. אין דעם גייסט וועט געפירט ווערן די ערשט־געשאַפענע פינאַנץ־אינסטיטוציע.

למען האמת האָבן מיר נאָך ביז איצט נישט אויסגעפירט די דאָזיקע קאַפּיטאַלע אויפגאַבע, אָבער מיר שטרעבן דערצו. יאָ, מיין ווירקלעכקייט האָט דעמאָלט אַפּעלירט צו די פאַרטרעטערס פונעם געדרוקטן יידישן וואָרט אַז זיי זאָלן אונדז העלפן אין אונדזער נייער אונטערנעמונג, מיט פאָפּולאַריזירן זי צווישן אַלע מעגלעכע פאַראינטערעסירטע, אָבער אַ סך שטייען נאָך פון דער ווייטנס.

דער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוו ביי די וואַרשעווער איז בכן געוואָרן אַ פאַקט.

מיר זענען באַלד צוגעטראָטן צו דער אַרבעט אַז די לײַ־קאַסע זאָל ווערן אַ יש אין אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט. גלייכצייטיק מיטן באַרשפּרייטן אַקציעס, מיטן ווערן מיטגלידער, האָבן מיר געמאַכט אַ ווענדונג צו די מאַכט־אָרגאַנען, אַז מ׳זאָל אונדז געבן יורידישע אָנערקענונג ווי אַן  ע פ נ ט ל ע ך ־ ר ע כ ט ל ע כ ע  לײַ־קאַסע. דאָס איז דערגרייכט געוואָרן ערשט אין מאַרץ 1957, אָבער אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט פון בייען, שטאַרקן די נייע אינסטיטוציע זענען מיר נישט אָפּגעשטאַנען אין דער צווישנצייט. אַ באַווייז דערויף איז דאָס, וואָס שוין אינעם ערשטן יאָר האָט די קאַסע געציילט 160 אַקציאָנערן מיט אַן אַקציע־קאַפּיטאַל פון 119,200 פּעזעס און אַ קאַפּיטאַל פון דעפּאָזירטע אָפּשפּאָרונגען אין דער הויך פון 244,455 פּעזעס און די אַרויסגעגעבענע הלוואות האָבן באַטראָפן 837,400 פּעזעס. ווי פאַרן אָנהייב זענען די דאָזיקע סכומים אַן עדות פון הצלחה אין דער מי פון די עסקנים. אין טאַקע איך אַ באַווייז פונעם צוטרוי וואָס די לײַ־קאַסע האָט געוווּנען ביי דער פּעריפעריע פון מיטגלידער־אַקציאָנערן.

איינגעשטעלט די אַרבעט פון דער קאַסע און זי האָט געוווּנען אין פאַרנעם,

און עס זענען צוגעקומען נייע מיטגלידער. אין מאַרץ 1958 איז אין הסכם מיט די סטאַטוטן שוין אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע לעגאַלע אָנפירונג פון דער ליי־קאַסע וואָס האָט באַקומען דעם אָפיציעלן נאָמען „קאַזשאַאָ״, אַן אָנפירונג אויף איין יאָר באופן אַז איטלעך האַלבע יאָר זאָל געביטן ווערן דער צוזאַמענשטעל פון אַ האַלבער פאַרוואַלטונג. געשען איז אָבער אַזוי אַזביים סוף 1958 איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ גאַנצע פאַרוואַלטונג, אויפן סמך פון אַן איינהייטלעכער ליסטע. אין דער דאָזיקער אָנפירונג זענען אַריין:

משה ליכטשטיין — פּרעזידענט; ישראל מאַרמורעק — וויצע־פּרעזידענט; נח נייהויז — סעקרעטאַר; יהודה וואָידעסלאַווסקי — פּראָ־סעקרעטאַר; ישראל רייזנער — קאַסיר; יעקב פרילינגשטיין — פּראָ־קאַסיר.

דירעקטאָרן: ישראל פראַנקענשטיין, משה שטיינהענדלער, מאַרסעלאָ גרינשפּאַן, שמואל גרינבערג, אברהם גראָסמאַן, ישכר ראָזן, חיים אייזענבערג, יעקב ליכטשטיין, בערנאַרדאָ שיעצקאָ; סינדיקאָ — נתן שריפטגיסער, פאַרטרעטער — יחיאל שוואַנ־דער. לעגאַלער פּאַרטיידיקער — ד״ר אברהם חדקל. פאַרוואַלטער איז פון ערשטן טאָג אָן געווען אַליעזר וואַסערבערגער, וועלכער האָט דעם דאָזיקן אַמט אָנגעהאַלטן ביז אָקטאָבער 1958, ווען ער איז אַוועק אויפן עולם האמת. זאָל די ערד אים גרינג זיין, אונדזער ליבן חבר אליעזר וואַסערבערגער, ווייל ער האָט מיט האַרץ און נשמה געטון פאַר דער אנטוויקלונג פון אונדזער אינסטיטוציע.

מאָנטיק דעם 13טן אַפּריל 1958 האָט דער ניי־אויסגעוויילטער פּרעזידענט משה ליכטשטיין צוזאַמען מיט דער נייער אָנפירונג איבערגענומען די אַמטן פון דער ליי־קאַסע. ביים בייזיין פון אַ פאַמיליאַרן עולם איז סערווירט געוואָרן אַ פייערלעך אָוונטמאָל, בעת וועלכן עס האָבן היימיש פאַרבראַכט די דירעקטאָרן פון דער קאַסע, די פאַרוואַלטונג־מיטגלידער פונעם לאַנדסלייט־פאַרבאַנד און אַ צאָל פאַרבעטענע געסט. די שמחה איז געווען וואָס די יונגע ליי־קאַסע אַנטוויקלט זיך און וואָס ס׳איז שוין דערגרייכט געוואָרן די אָפיציעלע יורידישע אָנערקענונג. אגב, ביי דעם יום־טוב איז אויך געווען משה רון, דער וואַרשעווער ידיד וואָס איז זינט יאָרן אַ תושב אין ישראל ווו ער איז דער סעקרעטאַר פונעם זשורנאַליסטן־פאַרבאַנד אין תל־אביב.

למען גענויקייט דאַרף געזאָגט ווערן אַז דעם דאָזיקן יום־טוב האָט געעפנט דער פאַרצייכענער פון די דאָזיקע שורות, איך האָב באַגריסט דעם ניי־אויסגעוויילטן פּרעזידענט משה ליכטשטיין און געווונטשן אים און זיין פאַרוואַלטונג דערפאָלג אין דער מי צו ברענגען די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע פון מדרגה צו מדרגה, העכער און העכער. איך האָב אויך באַדאַנקט דעם סעקרעטאַר נח נייהויז פאַר זיין איבערגעגעבנקייט צו דער קאַסע און כ׳האָב געזאָגט אַ יישר־כוח אַלע חברים וואָס האָבן מיט זייער האַרמאָנישער מיטאַרבעט געהאָלפן דערגרייכן דאָס, וואָס מיר האָבן דער־גרייכט. דערויף האָב איך איבערגעגעבן פ׳ נח נייהויזן אָנצופירן מיט דער פייער־לעכקייט.פון זיין זייט האָט נח נייהויז אויסגענוצט די געלעגנהייט צו באַדאַנקען דעם גאַסט משה רון דערפאַר וואָס בעת זיין זיין — נח נייהויזס — אין ישראל, האָט מ. רון אים מקרב געווען ווי אַ וואַרשעווער וואָס זוכט זיך צו פאַרבינדן מיט די צע־

דירעקטאָריום פון דער קרעדיט-קאָאָפּעראַטיווע „קאַזשאַסאַ" אין 1959



שפּרייטע בני־עיר פון דער גרויסער ייִדישער שטאָט וואָס האָט נעבעך געליטן אַזאַ גרויסן כרת. דער סעקרעטאַר נייהויז האָט דערביי אויך מודיע געווען אַז אויף דער איניציאַטיוו פון דעם נייעם פּרעזידענט פון דער ליי־קאַסע, משה ליכטשטיין, איז באַשלאָסן געוואָרן צו העכערן די קרעדיטן פון 10 טויזנט פּעזעס אויף 30 טויזנט פּעזעס, וואָס וועלן להבא אַרויסגעגעבן ווערן. עס איז געווען ממש אַ געשעעניש אין דער פּראַקטיק פון אַ נייער ליי־קאַסע און זי איז אויפגענומען געוואָרן פון עולם מיט פרייד־אויסרופן. פּרעזידענט מ. ליכטשטיין איז געעהרט פון דעם כבוד, וואָס מ׳טיילט אים צו מיט דאַנק־אויסדרוקן און זאָגט־צו צו טון אַל דאָס מעגלעכע אַז די קרע־דיט־קאָאָפּעראַטיווע זאָל מער וואַקסן און געשטאַרקט ווערן בכל אופנים. ער האָט אויך באַגריסט דעם ישראל־גאַסט משה רון און האָט אויך געזאָגט אַ שיינעם דאַנק די פאַרטרעטערס פון געדרוקטן ייִדישן וואָרט. משה רון דריקט אויס זיין צופרידנ־קייט וואָס אים איז געגעבן געוואָרן צו זיין צווישן זיינע וואַרשעווער לאַנדסלייט, ער ווינטשט זיי צו קענען עולה זיין אין מדינת ישראל כדי צו לעבן אַ פול ייִדיש לעבן, און אויב זיי זענען נישט ביכולת זיך באַזעצן אין דער מדינה, זאָלן זיי כאָטש קומען אָנקוקן דאָס אבותדיקע לאַנד וואָס איז ווידערגעבוירן געוואָרן. די רייד פונעם ישראל־גאַסט האָבן באמת צעוואַרעמט דעם עולם.

עס האָט נאָך גערעדט צום עולם דער פּרעזידענט פונעם פאַרבאַנד יחיאל שוואַנדער, עס האָבן באַגריסט די עסקנים פון דער ליי־קאַסע די געטרייע בני־עיר, ישראל מאַרמורעק, שלום אַנט, יצחק זשולקאַווער און ישראל פראַנקענשטיין. צום סוף איז פון אַלעמען געזונגען געוואָרן די „התקוה״.

דעם 29סטן מאַרץ 1959 איז ווידער אויסגעקליבן געוואָרן אַ האַלבע נייע אָנפי־רונג פון דער ליי־קאַסע. איצט איז זי באַשטאַנען פון:

נח נייהויז — פּרעזידענט; ישראל מארמורעק — וויצע־פּרעזידענט; מאַרסעלאָ גרינשפּאַן — סעקרעטאַר; יהודה וואַדעסלאַווסקי — פּראָ־סעקרעטאַר; ישראל רייז־נער — קאַסיר; ישכר ראזן — פּראָ־קאַסיר; ישראל פראנקענשטיין, שמואל גרינ־בערג, אברהם גראָסמאַן, חיים אייזענבערג, בערנאַרדאָ שיעצקא, שמעון שיעקיערא, ישראל פּראָסט, יעקב זילבערמאַן — דירעקטאָרן. משה ליכטשטיין — סינדיקאָ, נתן שריפטגיסער — פאַרטרעטער. יוריסקאָנסול — ד״ר אברהם חדקל.

דער באַלאַנס פון יאָר 1958 איז געווען אַזאַ:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אַקציאָנערן | 227 | אין שפּאָר־קאַסע | $ 783.66 |
| (זיך פאַרגרעסערט מיט 63); | | (זיך פאַרגרעסערט מיט 538.811); | |
| אַקציע־קאַפּיטאַל | 380.800 | אַרויסגעגעבענע קרעדיטן | $ 2.553.374 |
| (זיך פאַרגרעסערט מיט 260.800); | | (זיך פאַרגרעסערט מיט 1.715.964). | |

אויף אַ זיצונג פון פּרעזידיום איז באַשטימט געוואָרן צו פאַרשרייבן דעם פּאָרזיצער משה ליכטשטיין אין ספר הזהב פון קרן קימת לישראל.

דעם 13טן יוני 1959 האָט די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע געמאַכט אַ יום־טוב אי־

ערשטע אָפיציעלע פאַרוואַלטונג פון דער „קאַסא קאַזשאַאָ", מיטן גאַסט הער משה ראָן



בערצוגעבן דעם געוועזענעם פרעזידענט משה ליכטשטיין דעם פּראָוויזאָרישן דיפּ־לאָם פון קק״ל. אַ גאַר גרויסער עולם האָט זיך פאַרזאַמלט צום יום־טוב ווו מ׳האָט זיך משמח געווען, עס האָט געשפּילט אַ קליינער אָרקעסטער, מ׳האָט געזונגען בציבור, געהאַלטן רעדעס און ווי אַלע מאָל געמאַכט אַ זאַמלונג פאַרן קק״ל. אָפּצו־שאַצן משה ליכטשטיינס איבערגעגעבנקייט פאַרן קאָאָפּעראַטיוו האָט מע געגעבן דאָס וואָרט דעם חבר נח נייהויז. חיים אייזענבערג, סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד האָט בכלל גערעדט וועגן עסקנים און אַפּעלירט צו העלפן אַרויספירן אויפן ברייטן וועג די קאָאָפּעראַטיווע. מאַרסעלאַ גרינשפּאַן און מיין ווייניקייט האָבן דעם באַערטן משה ליכטשטיין איבערגעגעבן דעם פּראָוויזאָרישן דיפּלאָם. משה ליכטשטיין האָט געדאַנקט פאַרן כבוד וואָס מען טיילט אים צו און געזאָגט אין אַ שפּאַסיקן טאָן אַז טאַקע דעם זעלבן אָוונט איז 25 יאָר זינט זיין חתונה און זיין פרוי האָט אים אין ספר הזהב נישט פאַרשריבן. דאָ איז ער נישט מער ווי 2 יאָר און די קאָאָפּעראַטיווע האָט אים שוין פאַרשריבן אין בוך פון אייביקן געדענקען.

דעם 16טן אָקטאָבער 1959 איז פאָרגעקומען אַ חברלעכע וועטשערע לכבוד ערב דעם נייעם יידישן יאָר תש״ך. צו דעם צוזאַמענקום איז איינגעלאַדן געוואָרן דאָס דירעקטאָריום פון דער ליי־קאַסע, געוועזענע דירעקטאָרן און אַלע מעגלעכע צו־קונפטיקע דירעקטאָרן פון דער ליי־קאַסע. נח נייהויז, פרעזידענט פון דער ליי־קאָאָ־פּעראַטיווע, האָט געעפנט די מסיבה און צוגעווונטשן די פאַרזאַמלטע און בכלל אַלע יידן אַ כתיבה וחתימה טובה.

מאַרסעלאַ גרינשפּאַן, סעקרעטאַר פון דער ליי־קאַסע, דערציילט אַ ביסעלע היסטאָריע וועגן די חבלי לידה פון דער ליי־קאַסע וואָס איז שוין איצט אַ סיבה פאַר ימים־טובים, כאָטש עס איז ערשט קאַרגע דריי יאָר זינט זי איז באַשאַפן גע־וואָרן. געווען, אמת, שוועריקייטן, מ׳האָט באַדאַרפט אָפּגעבן אַ סך מי, מ׳וועט נאָך מוזן געבנוג זיך אָנשטרענגען זי צו דערהייבן — פון דעסטוועגן איז דער סך הכל שוין אַ נישקשהדיקער. „היינט — האָט געזאָגט דער סעקרעטאַר — ציילן מיר שוין 300 אַקציאָנערן, מיר האָבן אַרויסגעגעבן הלוואות אויף דריי און אַ האַלבן מיליאָן פּעזאָס, אין שפּאָר־קאַסע זענען פאַראַן פקדונות אויף 1 מיליאָן און הונדערט טויזנט פּעזאָס. איצט פעלן נאָך דריי חדשים ביז אָפּשליסן די חשבונות פאַרן יאָר, אָבער מ׳קען שוין באַצייטנס זאָגן אַז דער באַלאַנס וועט זיין אַ שיינער. און שיין איז ער שוין מחמת אַן אַנדערן טעם: מיר, די ליי־קאַסע פון די וואַרשעווער, האָבן שוין אַוועקגעטראָגן פאַרן מגבית המאוחדת צען טויזנט פּעזאָס. דאָס איז צו פאַרדאַנקען, אין דער ערשטער ריי דעם פריערדיקן פרעזידיום, ד״ה משה ליכטשטיינען, נח נייהויזן און ישראל רייזנערן. זיי האָבן עס צוגעטראָגן דעם מגבית די אָנגערופענע סומע און געקראָגן די קבלה נומער איינס פאַרן יאָר 1959. מיר האָבן אַ סיבה באמת שטאָלץ צו זיין מיט דער אַרבעט פון דער קאַסע „קאַזשאַאָ״ און לאָמיר אַלע זיך ווינטשן אַ גוט, געזונט יאָר פון פרוכטיקער אַרבעט פאַר וואַרשעווער יידן און פאַר כלל ישראל״.

צווישן דעם יום־טובדיק צעלויכטענעם עולם האָט ישראל מארמורעק, פּרע־

זידענט פונעם פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער ייִדן אויפגעמישט אַ בלעטל זכרונות וועגן דער אַרבעט פון וואַרשעווער פאַר וואַרשעווער ייִדן. מיט לויב דער־מאָנט ער דעם איניציאַטאָר פון דעם געדאַנק צו שאַפן די לײַ־קאַסע, נח נייהויזן, וועלכער האָט מיט רעכט געזען אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע אַן אמתן אָנשפּאַר פאַר אַלע וויכטיקע אַקטיוויטעטן פונעם ציבור וואַרשעווער לאַנדסלײַט. אַגבֿ זענען שבחים איבעריק, האָט געזאָגט ישראל מארמורעק — פאַקטן, דערגרייכונגען, זענען די וואָרהאַפטיקסטע שבחים פאַרן מענטש וואָס איז בראשו וברובו אַרײַנגעטאָן אין עבודת הכלל. די רעזולטאַטן פון די אָנשטרענגונגען זענען דער גרעסטער שבח פאַר נח נייהויז און אַלע די וואָס האָבן זיך געשטעלט ביי דער זייט פון די עסקנים ביי דער קאַסע „קאַזשאַאָ“. דער סעקרעטאַר מאַרסעלאָ גרינשפּאַן האָט טאַקע ערשט געבראַכט די ציפערן, וואָס זאָגן עדות אויף די כשר פאַרדינטע שבחים, — פּירט אויס ישראל מארמורעק און ער ווינטשט אַלעמען אַ שנת מוצלחת.

די סעודה איז אַדורך מיט פייערלעכקייט און מיט „אַרויסגעזאָגטע ווערטער“ לטובת הכלל. עס האָט אויך גערעדט דער סעקרעטאַר פונעם „פאַרבאַנד“, חיים אייזנבערג, גוט־יאָר־ווונטשן האָבן געזאָגט יחיאל שוואַנדער, יצחק זשולקאווער, קאַרלאָס פאַבריקאַנט, ישראל פראַנקענשטיין; מצד אַ שוועסטער־אָרגאַניזאַציע, דער קאָאָפּעראַטיווער קאַסע „לאָס אַנדעס“ האָט באַגריסט די וואַרשעווער עסקנים און געווונטשן אַ גוט יאָר דער עסקן בנציון שרייבער הלוי. אַני הקטן האָב אַפּעלירט צו די אָנוועזנדיקע צו טאָן ממשותדיקס פאַר דער לײַ־קאַסע, צו פאַרשטאַרקן אירע פאָנדן דורך צייכענען נייע אַקציעס. אין דעם זין האָט זיך אויך אַרויסגעזאָגט פ׳ ישכר ראָזן און אונדזערע רייד האָבן עולה יפה געווען. אויפן אָרט זענען באַלד אויסגעקויפט געוואָרן אַקציעס פון דער קאַסע „קאַזשאַאָ“ אויף אַ סומע פון צוויי און דרייסיק טויזנט פּעזעס. דער סכום איז אין זיין גרעסטן טייל תיכף געדעקט געוואָרן אין מזומן.

אַזאַ איז לעת עתה די אונטערשטע שורה פון דער נייער יונגער אינסטיטוציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביים „פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער ייִדן“ — די לײַ־קאַסע „קאַזשאַאָ“ וועלכע איז אַן אינסטרומענט פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון די כלל־אינטערעסן וואָס זענען ליב אונדזערע ייִדישע ייִדן.

יצחק גאָלדפעדער

# מיר, די ייִדישע ייִדן

— — — אונדזער דערציִונג און אונדזערע ייִדישע געוווינהייטן האָבן אונדז באַגלייט אַהער, אין דעם נייעם לאַנד פון אונדזער ווינשאַפט. און דאָס געפיל פון געמיינזאַמקייט פון פוילישע ייִדן איז געבליבן אין בלוט. דעריבער איז קלאָר אַז אַפילו פון אונדזערע סענטימענטן איז שווער אָפּצוווייכן. יאָ, און מיר האָבן זיך דאָ געפילט ווי אימיגראַנטן. ווי „גרינע" אין יענע יאָרן האָבן מיר קודם כל געשטרעבט צו האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, און באַשעפטיקונג. פשוטע מענטשלעכע באַדערפעניש. מיט שוועריקייטן האָבן מיר זיך דערשלאָגן דערצו — ווער מיט „קלאַפּן", ווער מיט אַרבעט אין וואַרשטאַט אאַז"וו. און עס האָט זיך געבענקט צו אַ געזעלשאַפטלעכער, קולטורעלער סביבה, אָבער צו דעם איז געווען שווער דער וועג אויף פרעמדער ערד. מ'האָט בכן געלעבט מיט אַ חלום וועגן דעם. מידע, פּאַרהאָרעוועטע האָט מען אין די ערשטע צייטן די פאַרדינטע סענטן אַהיימגעשיקט צו דער משפּחה, וואָס איז געבליבן אין דער ווייט מיט בענקעניש. מיט שוועריקייטן האָט מען אָנגעהויבן זיך איינצולעבן אין דער נייער היים, מ'איז פּאַוואָליע געוואָרן מיטגלידער אין פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. איינער פון אַ סך בין איך אין בוענאָס איירעס אַריינגעצויגן געוואָרן אין וואַרשעווער פאַראיין אויף לאַוואַזשע אין די פּירטויזנטער. דאָרט האָב איך געטראָפן מענטשן פון כל המיני אידעאָלאָגיעס, אָבער וועמען איז געלעגן אין זינען פּאַרטייאישקייטן? מיר האָבן געהאַט נאָר איין פאַרלאַנג: אויסלעבן זיך חבריש, געזעלשאַפטלעך, און שיקן וואָס מער הילף צו די היימישע. די הילף איז באַשטאַנען אין שיקן פּעקלעך שפּייז, קליידער און וועקצייג. דער פאַראיין פון וואַרשעווער האָט געציילט לערך 120 מיטגלידער, אָבער אַלע האָבן געאַרבעט לטובת הכלל מיטן וואַרשעווער אימפּעט. מיר זענען געווען אָנגעשלאָסן אין דער פעדעראַציע פון לאַנדסמאַנשאַפטן אויף וועלאַסקאָ, אויך אין איקוף. וואָס נאָך דאַרף מען? הילף און קולטור! מיך האָט מען אַריינגענומען אין דער פאַרוואַלטונג פון דעם לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין און כ'בין געוואָרן דעלעגאַט צו דער פעדעראַציע און דעם „ייִדישן קולטור־פאַרבאַנד". אין דער דאָזיקער אַרבעט האָב איך זיך באַגעגנט מיט לאַנדסלייט־חברים פון בריסק, לאָדזש, ווענגראָוו, ווישקאָוו, לובלין און אַנדערע. כ'בין מודה: אין אַ געוויסער מאָס האָט עס מיך באַפרידיקט. אָבער ביסלעכווייז איז קלאָר געוואָרן אַז די אָפטע קולטור־אַקטן און פאַרזאַמלונגען נעמען אָן אַ בולט פּאָליטישן כאַראַקטער פון יעווסעקישן מין. אויפן

רוף ה י ל ף, איז אַל דאָס געזאַמלטע געגאַנגען פאַר אויסדריקלעך לינקע צוועקן. אין דער מאָס דערפון ווי דאָס איז דערגאַנגען צום באַוווסטזיין פון די פּשוטע צווישן אונדז, זענען אַנטשטאַנען רייבונגען. דעמאָלט האָבן מיר זיך אָפּגע־געבן אַ חשבון אַז מיר, אַזעלכע ווי איך, זענען נאַציאָנאַלע ייִדן און יענע, די אַנ־דערע, זענען דאָס סאַמע קעגנזעצלעכע. דעמאָלט האָבן מיר, די נאַציאָנאַלע ייִדן, באַשלאָסן צו האַנדלען קעגן דער טאַקטיק און פּראַקטיק מצד דער אָנפירערשאַפט פון דער וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפט. מיר האָבן זיך אָפּט באַראָטן אין געהיים וואָס צו טאָן. אַזעלכע באַראַטונגען האָבן מיר געפירט אויך מיט אַנדערע לאַנדסלייט וואָס געפינען זיך אין אַן ענלעכער לאַגע — אין צוזאַמענאַרבעט מיט די יעווסעקעס אין די ראַמען פון די לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. דעמאָלט איז רייף גע־וואָרן דער פּלאַן אַרויסצוגיין אין אָפענעם קאַמף. אַזוי־נאָך איז אונדזער גרופּע גע־וואַקסן אין צאָל און זי האָט זיך געשטאַרקט; כאָטש דער קאַמף איז געווען אַ שווע־רער, ווייל די מיטגלידער פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג (דער פּרעזידענט, סעקרע־טאַר און קאַסיר) זענען געווען די טאָנגעבערס אין דער טאָגטעגלעכער אַרבעט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט־באַוועגונג. יאָ, און די אינסטרוקציעס פאַר דער דאָזיקער אַרבעט זענען געקומען „פון אויבן“, ד״ה לינק. די דאָזיקע אַטמאָספערע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. ס׳האָט דעריבער געמוזט קומען צו אַן איבערברוך.

דער סוף־פּסוק צו דער דאָזיקער אומפאַרענטפערטער צעריסנקייט איז — פאַרשטענדלעך — געקומען, ווען אין דער וועלט איז נולד געוואָרן די היסטאָרישע געשעעניש, וואָס האָט דאָס ייִדישע פאָלק אַרויסגעפירט אויפן וועג פון באַנייטער מלוכהשקייט. דער פאַקט וואָס מדינת ישראל איז געבוירן געוואָרן באַגלייך מיט אונדזער טראַגישן באַוווסטזיין אַז מיר, די געראַטעוועטע, זענען מוראדיק פאַריתומט געוואָרן נאָך אונדזערע היימישע און ליבסטע, האָט נאָך מער פאַרטיפט דעם תהום. אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס — און נישט בלויז אין בוענאָס איירעס — האָבן גע־פּראַוועט ימים־טובים בשייכות דער אומגעוויינטלעכער דערשיינונג וואָס הייסט מדינת ישראל און זיי האָבן איינצייטיק פאַרגאָסן טרערן אויפן בלוטיקן פאַרלוסט פון די ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין דער אַלטער היים. דעמאָלט איז אַנטשטאַנען דער אַלגעמיינער קאַמפּיין און די געלט־זאַמלונגען פאַר דער הגנה. פאַרשטייט זיך אַז וואַרשעווער ייִדן האָבן נישט געקענט בלייבן הינטערשטעליק. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ יום־טוב בכדי צו טאָן עפּעס ממשותדיקס פאַר דער אַקציע: יעדער חבר זאָל צוטראָגן זיין חלק, ד״ה איינער זאָל ברענגען בראָנפן, אַן אַנדערער לעקעך, טשאַסטעס, וווּרשט, ברויט, פּרוכט. עס זענען טאַקע סערווירט געוואָרן טישן מיט כל טוב, מ׳האָט זיך דערוואַרעמט מיט פייערלעכע רעדעס און איך מיט נאָך אַ חבר האָבן גענומען זאַמלען געלט פאַר דער הגנה, אַ זאַך וואָס איז געווען דרינגלעך פאַר דער יונגער מדינה, וועלכע איז געשטעלט געוואָרן אין געפאַר מצד די אַראַבישע לענדער. גענומען זיך מיט ליבשאַפט העלפן דעם ייִדישן לאַנד, אָבער די פאַרשטייערס פון דער „פעדעראַציע“ און פון „איקוף“ האָט עס נישט געשמעקט. דער עולם אין זאַל האָט הילכיק געזונגען די „התקוה“, יענע האָבן — אין קאָנטר־

אַטאַק — אָנגעהויבן זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל“, געשפּריצט מיט אַ ליד וועגן ביראָבידזשאַן. היות זייער עולם איז געווען קלענער, די זינגערס שוואַכערע, האָט דאָס נאַציאָנאַלע ייִדישע געזאַנג פאַרהילכט דאָס בפירוש אַנטי־ייִדישע זינגעכץ. און דאָס איז געווען געגנוג אַז ס'זאָל קומען דער קראַך. איינער פון די פּני אינעם פאַראייך פון וואַרשעווער האָט פלוצלינג זיך צעריטשעט, ער האָט געשריגן און געקלאַפּט אין טיש אַריין, און באַפוילן: „נישט זינגען די התקוה! ערשטנס זענען מיר נישט אין פּאַשיסטישן פּאַלעסטינע. זאָלן פאַרשטומט ווערן די פאַררעטערישע פאַשיסטיש־ציוניסטישע לידער, און צווייטנס, די זאַמלונג וואָס ווערט געפירט גייט פאַר ביראָבידזשאַן“! און געדראָעט אַז „די גיפטמישערס זאָלן תיכף פאַרלאָזן דעם סאַלאָן, אויב מ'וויל נישט אַרויסגיין מיט צעשפּאָלטענע קעפּ!“ פאַרענדיקט מיט אויסרופן זאָל לעבן די ראַטנמאַכט, זאָל לעבן דער, יענער פון די מאָסקווער פירערס איז דער יום־טוב־אַקט געשלאָסן געוואָרן.

עס איז געווען דער אמתער סקאַנדאַל, וואָס האָט ברייט אָפּגעקלונגען אין ייִדישן בוענאָס איירעס.

אָט אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער לעצטער מישטיינסגעזאָגט חברלעכער אַקט מיט יענע וואַרשעווער וואָס זענען אויסן געווען גאָר עפּעס אַנדערש ווי עס ווילן און פילן אויפריכטיקע, אָרנטלעכע ייִדישע ייִדן. דעמאָלט איז ענדלעך געקומען דערצו אַז מיר, די וואַרשעווער, זאָלן זיך צונויפנעמען מיט אַנדערע נאַציאָנאַלע ייִדן און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ נאַציאָנאַל־ראַט פון ייִדישע לאַנדסמאַנשאַפטן. מיט הילף זענען אונטערגעקומען די שלום עליכם־שולן און דער פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן. פון יענער צייט דאַטירט זיך די נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע באַוועגונג ווי אַ נייע געזונטע דערשיינונג אין ייִדישן געזעלשאַפטלעכן בוענאָס איירעס. דעמאָלט איז קלאָר געוואָרן אַז נאַציאָנאַלע ייִדן דאַרפן זיין שאַרף אָפּגעשיידט פון יענע וואָס האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון אַ ייִדן־פיינטלעכער מאַכט. לאָמיר געדענקען: עס איז געווען אין אָקטאָבער 1949, ווען מיר, וואַרשעווער נאַציאָנאַלע לאַנדסלייט זענען געגאַנגען פאַר־זיך. מיין ווינציקייט איז דעמאָלט צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד צו זיין דער ערשטער פאָרזיצער פון פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פראַגער ייִדן און אויך דער וויצע־פאָרזיצער פונעם נאַציאָנאַל־ראַט. די ערשטע זיצונגען זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער שלום עליכם־שול און שפּעטער אויף קאָריענטעס 1979, ביים ייִדישן וועלט־קאָנגרעס. זינט דעמאָלט פירט זיך די הייליקע אַרבעט וואָס איז געשטעלט געוואָרן אונטערן צייכן פון נאַציאָנאַלע ייִדישע פאָלקס־אינטערעסן. גאַנצע טעג און נעכט זענען מיר געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, מאָביליזירט וואַרשעווער ייִדן פאַר ערנסטער אַרבעט און די מחנה איז אָן עין־הרע געוואַקסן. מדינת ישראל, קרן קימת, נאַציאָנאַלע דערציִונג, ייִדישע ימים־טובים — אַלץ איז אַריין אין פּראָגראַם פון פאַרבאַנד פון וואַרשעווער ייִדן, אַזוי עד היום. און הלוואַי וויטער נישט ערגער, צו בעסערס האָט נישט קיין גרענעץ.



די פרוי־ען־קאָמיסיע, וואָס האָט דורכגעפירט די ערשטע גרויסע יום העצמאות־פייערונג

יחיאל שוואַנדער

# די ערשטע צען יאָר

דער פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פראַגער ייִדן שליסט אָפּ אַ וויכטיקע דאַטע אין זיין עקסיסטענץ: עס ווערט אונטערגעצויגן אַ סך־הכל פון דעם אָפּגעטועטעם במשך פון די פאַרגאַנגענע צען יאָר. און ס׳איז פאַראַן אַ נישקשהדיקער באַלאַנס. נישט מיטן פוסטן זענען אַוועק די דאָזיקע יאָרן. אין קאָן גייען דאָ אַריין מעשים פון קעגנזייטיקער הילף, דער פועל יוצא פון פשוטער האַרציקייט פון לאַנדסלייט פאַר לאַנדסלייט און מעשים פון העכערן פאַרנעם, פון אָנשטרענג פאַר מדינת ישראל אין אַלע מעגלעכע אויסדרוקן — אָט וואָס עס איז דער תוך פון דער געמיינזאַמקייט פון די וואַרשעווער ייִדן אין זייער נייער היים און ממילא די אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע וואָס פאַראייניקט די וואַרשעווער און פראַגער ייִדן אין בוענאָס איירעס ביי וועמען עס איז וואָך דער באַוווסטזיין אַז דער ייִד טאָר נישט שטיין מן הצד פון די נויטן פונעם כלל, וואָס קלאַפּן אין אונדזער טיר.

די צען יאָר זענען אַ צוריקבליק אויפן אָפּגעגאַנגענעם וועג כדי פון ס׳ניי צו קענען זיך אָנגורטן מיט מוט, מיט כוח אויף צו קענען אויך ווייטער מתקן זיין דאָס נויטווענדיקסטע פאַרן ציבור וואָס האָט אונדז געמאַכט פאַר שותפים צו גרויסע היסטאָריש־וויכטיקע צילן, וואָס לאָזן זיך נישט אָפּלייגן פון היינט אויף מאָרגן.

יאָ, מיר לעבן מער נישט אין קיין רויִקע צייטן. סאַמע דינאַמיק איז דער קענצייכן פון אונדזער דור. דערפאַר זענען אונדזערע אויפגאַבעס תמיד דרינגלעכע. און אויך אויפן שטח פון דער לאַנדסמאַנשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע טיילן מיר ייִדן זיך אויס מיט אַ באַזונדערקייט, וואָס גיט צו וואָג און שווונג דער אַרבעט. און דאָס געשעט בעיקר דערפאַר, ווייל די לאַנדסמאַנשאַפט איז כולל אַלץ וואָס פאַרבינדט דעם נעכטיקן עמיגראַנט, דעם „גרינעם" און אויך דעם „געלן" מיט דער אַ ל ט ע ר ה יי ם — די אָרגאַניזאַציע פאַרענטפערט אים זיינע בענקשאַפטן און פאַרזיסט אַלע דערמאָנונגען.

אויב אין פריִערדיקע יאָרן איז אויפן סדר־היום געשטאַנען דער ענין פון אַרויסהעלפן אַ בן־עיר מיט קריגן אַ דירהלע, מיט שטעלן זיך ביי אַ פּרנסה, האָט די נייע צייט אַרויסגערוקט גאָר אַנדערע פּראָבלעמען וואָס מאָנען מער אינטענסיוויטעט.

צום באַדויערן איז מער נישטאָ קיין ייִדישע אימיגראַציע קיין אַרגענטינע; צום אומגליק זענען נישטאָ מער קיין קלאָפּאָטן פון מאַכן „זשאַמאַדעס" (אַרויספאָדערונג־פּאַפּירן) פאַר ברידער, פאַר שוועסטער, פאַר טאַטע־מאַמע און גוטע פריינד

פון דער אַלטער היים. דער דײַטש ימח־שמו האָט אונדז באַפרײַט פון אָט דער זאָרג. הײַנט שטײען דער עיקר פּראַגעס פון פאַרפעסטיקן די אײגענע ייִדישקײט־פּאָזיציעס אין די נײַע הײמען און ס׳מאָנט די פּראַגע פון ראַטעווען די שארית הפליטה, װעלכע מ׳קען נאָך אַרויסראַטעווען פון דער פאַרשלאָסענער טײל װעלט, מ׳מוז אונטערקומען מיט דרינגלעכער הילף דער ייִדישער מדינה אַז זי זאָל זײַן ביכולת אויפצונעמען אַלע די, װאָס מוזן, װאָס װילן עולה זײַן קײן ישראל. צו יונג און צו שװאַך איז נאָך די ייִדן־מלוכה אַז זי זאָל זײַן אין שטאַנד בײַצוקומען די גװאַלטיקע שװעריקײטן פון אַרײַננעמען און אײַנאָרדענען בײַ זיך די הונדערטער טױזנטער ייִדן פון פאַר־שײדענע עדהס, װאָס קומען צו איר. דער רוף: „העלפט זיך צו צו דער נויט פון מדינת ישראל" איז בכן געװאָרן דער רוף צו דער לאַנדסמאַנשאַפט־באַװעגונג. דער פאַר־באַנד פון װאַרשעװער און פּראַגער ייִדן האָט צו אונדזער שטאָלץ געהאַט די אַמבי־ציע צו װערן דער פאָרױסגײער, דער ערשטער אין דער דאָזיקער באַװעגונג, צו טאָן די גרױסע אַרבעט און אינספּירירן דערצו אױך אַנדערע שװעסטער־אָרגאַניזאַציעס.

גװאָרן אױס מיט דער עיקרשטער, דירעקטער הילף־אַרבעט לטובת דער היים אין פּױלן, װעלכע מ׳האָט פאַרלאָזן, װעלכע איז חרוב געװאָרן, ס׳האָט אױפגעהערט די נױטװענדיקײט צו טאָן לטובת נײַ־אָנקומענדיקע, האָט די לאַנדס־מאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע זיך פאַרװאַנדלט אין אַ פעסטונג פאַר אױסשליסלעך נאַציאָנאַלער אַרבעט. אַלץ װאָס איז פּאָלקיש, ייִדיש, איז נאָענט די אױפגאַבעס פון „פאַרבאַנד". דאָס אומפאַרגעסלעכע יאָר 1948, װען ייִדן האָבן צוריקגעװוּנען זײער מלוכהשן סטאַטוס, האָט געגעבן דערצו דעם גרױסן סטימול. דאָס האָט אַגב אױך געשטױסן צום אָפּטרײסלען זיך פון יענע עלעמענטן װאָס האָבן זיך געהאַט אַרײַנ־געגנבעט אין אונדזער מיט און האָבן אָרגאַניזאַציאָנעל געשעדיקט אַלץ װאָס איז ייִדיש אין מהות. אַרומגעזען זיך אַז הינטער אונדז איז אַלץ חרוב ומוחרב, האָבן מיר װי אַ קאָלעקטיװ זיך באַמיט אַז אַרום אונדז זאָל זײַן אַלץ דורכױס ייִדיש און פאָרױס פאַר אונדז זאָל געדײען געזונט, נאַציאָנאַל ייִדיש לעבן, להיפּוך צו דעם װי עס פירן זיך די הײנטיקע „רױטע ייִדעלעך".

מיר זענען שטאָלץ װאָס ייִדישער תוך אין זײַן פולן באַטײַט איז דער אינהאַלט פון דער אַרבעט, װאָס עס פירט דער פאַרבאַנד פון װאַרשעװער און פּראַגער ייִדן. און אין דעם זין באַמיִען מיר זיך צו זײַן נישט די לעצטע, נאָר פאַרקערט — די ערשטע, די װאָס װילן זײַן דער מוסטער. מיר טײלן אױס פון זיך, מיר װאַרשעװער ייִדן אין בוענאָס אײרעס, אַקטיװיסטן פאַר די אַקציעס פון דער מגבית המאוחדת, פאַר דער אַרבעט פון קרן קימת לישראל, פאַר דעם באָנאָס־קאַמפּײן און בכלל פאַר אַלץ, װאָס איז געזעלשאַפטלעך־פּראָדוקטיװ. עס גײט נישט אין אָנרופן פּרטים, אין רימען זיך מיט באַזונדערע דערפאָלגן; ס׳װילט זיך נאָר פעסטשטעלן, אַז נישט אומ־זיסט איז דער אָנשטרענגונג פון כללישן שותפות צװישן די װאַרשעװער און פּראַגער ייִדן. מיט צופרידנקײט קוקן מיר זיך אום אױפן דערגרײכטן און מיט גלױבן טרעטן מיר אַרײַן אין צװײטן יאָרצענדלינג פון דער װאַרשעװער משפחהדיקײט.

ישראל מאַרמורעק

# אין בוי פון יידיש לעבן

וואַרשעווער יידן — צוגלייך מיט יידן פון אַנדערע אָפּשטאַם־שטעט, פון וואַנען זיי האָבן געמוזט עמיגרירן — האָבן במשך צענדליגגער יאָרן זיך געראַנגלט אין דער אַרגענטינער פרעמד ביז זיי איז געלונגען גובר צו זיין כלערליי שוועריקייטן. קודם כל די זאָרג פאַר ברויט, ברויט אין פשוטסטן זין פונעם וואָרט. פון פרנסה איז געקומען צו רייד שפּעטער, ווייל פרנסה איז שוין אַ ברייטערער באַגריף פון מאַטעריעלן לעבן, דער באַגריף וואָס איז כולל אויך דאָס עלעמענטאַר־גייסטיקע, אָן וואָס אַ מענטש קען נישט אויסקומען.

און עס איז אַ דבר־ידוע אַז אין די פריערדיקע אימיגראַנטישע יאָרן האָט דער „גרינער" געמוזט מיט דער נאָז אַקערן ביז ער איז צו עפּעס דערגאַנגען. די באַדינגונגען פון דעם גרויסן אומאַנטוויקלטן לאַנד האָבן עס גורם געווען און די אויסגעוואָרצלטקייט פון יידישן מענטש האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די גורמים פון די ליידן. דאָ האָבן זיך עלעמענטאַרע באַדערפענישן צונויפגעשטויסן מיט פרימיטיווע באַדינגונגען. דעם אימיגראַנט איז אַלצדינג אָנגעקומען מיט נויטשווייס, הגם די צרות זענען אין דער זעלביקער צייט געגאַנגען אין פּאָר מיט אָרעמע האָפענונגען. די קנאַפּע פריידן זענען געווען פאַרבונדן מיט דער דערוואַרטונג אַז די נאָענטסטע משפחה־לייט זאָלן אָט־אָט אַראָפּקומען אַהער, אַ געשעעניש וואָס איז אויך געגאַנגען האַנט אין האַנט מיטן גלויבן אַז ענדלעך וועט מע זיך (שוין צוזאַמען מיט ווייב און קינד) אַרויסשלאָגן פונעם דלות: מ'עט צוקומען צו אַ שטיקל אייגענע היים, מ'עט פאַרלייגן אַ וואַרשטאַטל פאַר־זיך.

אוודאי, עס זענען געווען קאַרגע מעגלעכקייטן און קליינע השגות. דאָס איינציקע גליק איז באַשטאַנען דערין וואָס מ'האָט מער נישט אָנגעקוקט די וואָס זענען דערגאַנגען די יאָרן אין דער „אַלטער היים" די האַרציקע שכנים מיט די טריפהנע הענט, וואָס זענען אכזריותדיק געגאַנגען קעגן דעם „זשיד".

באַוווּסט: קיין האָניק האָט מען נישט געלעקט אין די נייע ווינערטער. אויך אין אַרגענטינע. אָבער מ'האָט זיך צוגעווינט צום לאַנד און צום פאָלק וואָס האָט אונדז באַגעגנט. און דער גאַנג פון דער צייט האָט פאַמעלעך אָפּגעטאָן דאָס זייניקע. מיט שוועריקייטן האָט זיך אָפּגעבויט אַ ניי יידיש לעבן וואָס איז געוואָרן היימיש און ליב. פשוט, מ'האָט זיך אַריינגעלעבט דערין, בייגעקומען אומגעהייערע שוועריקייטן און מיר האָבן זיך אויך אַרומגעבויט מיט אַ געזעלשאַפטלעכקייט, צו אימו־

ניזירן זיך קעגן דעם ווילדגראַז פון אַל דאָס פרעמדע — ווײל ס׳האָט זיך געוואָלט בלײבן ייִדן, אויפהיטן דאָס ירושהדיקע וואָס איז אונדז טײער. מ׳האָט געשאַפן ייִדישע בתי־חינוך, גמילת־חסדים־קאַסעס, האַנדלס־קאָאָפּעראַטיװעס, פאַראײנען פון לאַנדסלײט און מ׳האָט ציבורדיק זיך אָפּגעגעבן צו נאַציאָנאַלע טרוימען. אַזױערנאָך האָבן װאַרשעװער זיך צונױפגערעדט און אַזױ האָבן מיר זיך פונאַנדערגעשפּרײט איבער פאַרשײדענע מוסדות, וואָס האָבן זיך געמערט אַ דאַנק אונדז און מיט אונדזער באַשײדענער מיטהילף.

איז טאַקע כדאי זיך אַרומצוזען ווו װאַרשעװער האָבן — אין בוענאָס אײרעס — אָפּגעגעבן זײערע כּוחות און מוחות פאַרן בוי און פונאַנדערוווקס פון ייִדישן לעבן. אַ שטײגער: דער „פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן" (פריִער א״נ אַ ג ו ד ת אַ ח י ם) וואָס איז שוין אַרײן אין פינפטן יאָרצענדלינג פון זײן עקסיסטענץ, האָט געהאַט צווישן זײנע גרינדערס און בויערס אַ צאָל װאַרשעװער ייִדן ווי לייבוש ווייסבלאַט ע״ה, אַבאָ עסטערסאָן ע״ה, אברהם פרידמאַן ע״ה, יעקב כעניק ע״ה און צו לענגערע יאָרן זײ: פישל הערשקאָוויטש, אַלפרעדאָ ברעמסק, לייב שמולעװיטש, משה האַבערבערג א״אַ. אַגב, ביים פאַראײניקן אַלע צעזייטע און צעשפּרײטע לאַנדסמאַנשאַפטן אין איין צענטראַלער אָרגאַניזאַציע פון פוילישע ייִדן אין אַרגענטינע איז לייב שמולעוויטש געוועזן דער וויצע־פאָרזיצער פונעם פאַרבאַנד, איזראַעל בלאַנק — דער סעקרעטאַר. עד היום זענען װאַרשעװער אַקטיוו אין צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן, אברהם מיטלבערג איז זײן יאָרנלאַנגער פאָרזיצער; יעקב זילבערמאַן אַרבעט מיט אַלע יאָרן, אויך מײן װײניקײט. יצחק טאַבאַקשנײדער איז פאַר אַ לענגערער צײט געװען טעכנישער אָנפירער פונעם פאַרבאַנד. מיט דעם שעפּט זיך נאָך נישט אויס די רשימה פון װאַרשעװער ייִדן אין דער גרױסער אָרגאַניזאַציע.

אַ הויפּטזײל פון ייִדיש לעבן איז די דערציִונג פון יונגן דור, דאָס ייִדישע שולװעזן איז דער צענטער פון אַלעמענס דאגות. האָבן אויך װאַרשעװער ייִדן זיך אַרױסגערוקט צווישן די פּיאָנערן און בײערס און אומדערמידלעכע טוערס אויף אָט־דעם אָפּשניט. אַזױ זעען מיר אין דער צענטראַלער תל־אביב־שול פ׳ שלום אַנט ווי אַן אײפעריקן מיטבויער, אויך ישכר ראָזן אין דער זעלביקער תל־אביב־שול; יוסף וויסיפקאַ, פנחס האָפּער, משה לייוואַ ע״ה זײ פּיאָנערן און אַקטיוויסטן פון דער פּרץ־שול אין צענטער; ראובן מײנטשעמערן זעען מיר ווי דעם אידעאַליסטישן בויער פון דער ייִדישער שול אין דער געגנט פון דאָק־סוד. נח נײהויז געהערט צו די מיטגרינדערס פון דער גרויסער ביאַליק־שול, אלתר הירש איז אַ פּיאָנער און געטרײער בויער פון דער גרעסטער ייִדישער שול אין בוענאָס אײרעס, די שלום עליכם־שול. און נאָך, נאָך ציט זיך די שורה פון איבערגעגעבענע שול־טוערס צווישן די װאַרשעװער ייִדן.

אויפן שטח פון קולטור־אָרגאַניזאַציעס זעט מען אויך װאַרשעװער, נעמלעך: יצחק גאָלדפעדער ווי אַ מיטגרינדער פונעם שטאָט־קאָמיטעט ביים אַרגענטינער אָפּטײל פון אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס; משה לייווא ע״ה ווי אַ פּיאָנער

און אַקטיוויסט פון קולטור־קאָנגרעס אין בועגאָס איירעס, אויך ווי אַן אייפעריקער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פונעם ייווא״א. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג פאַר שאַפן אַ געזעלשאַפט פאַר אַ סטאַביל דראַמאַטיש טעאַטער אין בועגאָס־איי־רעס האָבן וואַרשעווער יידן אַקטיוו זיך אָנגעשלאָסן אין דער דאָזיקער וויכטיקער איניציאַטיוו, האָבן געטאָן דערפאַר אַל דאָס מעגלעכע. אַ דאַנק דעם דאָזיקן אָנשטרענג איז אויפגעקומען די „קונסט־בינע״ (אונטער דער קינסטלערישער אָנפירונג פון דוד ליכט), וועלכער עס איז נישט באַשערט געווען קיין לאַנג לעבן. ישראל מאַרמורעק (ווי קאַסיר), נאַטאַליאַ אַרביסער, יחיאל שוואַנדער און אברהם סו־כאַרעוויטש האָבן געהערט צו דער דאָזיקער געזעלשאַפט, איר אָפּגעגעבן ממון און דמים, בפועל ממש. אָט די וואַרשעווער יידן האָבן אפילו געפּועלט אַז פאַר דער „קונסט־בינע״ זאָל אָפּגעגעבן ווערן דער לאָקאַל פון זייער לאַנדסמאַנשאַפטלעכן פאַרבאַנד. דאָרט האָט מען דורכגעפירט זיצונגען, טעאַטער־פּראָבעס אד״ג.

אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין דעם געזעלשאַפטלעכן אָנשטרענג פון דעם וואַרשעווער פאַרבאַנד ווי אַזאַ איז די אַרבעט לטובת דעם מגבית. ביים פאַרבאַנד איז געשאַפן געוואָרן אַ סוב־קאָמיטעט פונעם מגבית און זיינע מיטגלידער אַרבעטן מיט אויך אין אַנד׳ סוב־קאָמיטעטן, פונאַנדערגעשפּרייטע איבער דער הויפּטשטאָט און געגנטן. צו מגבית־טוערס פון וואַרשעווער געהערן: יעקב זילבערמאַן, אברהם גראָסמאַן, ישראל רייזנער, נח נייהויז, יחיאל שוואַנדער, נתן שריפטגיסער, ירחמיאל קליינ־בורד, ישראל מאַרמורעק. דער לעצטער איז מערערע מאָל אויך געווען דעלעגירט צו לאַנד־קאָנגרעסן פון מגבית־עסקנים.

וואָס שייך דעם קרן קימת־לישראל איז דער פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער יידן אָנגעשלאָסן אינעם סוב־קאָמיטעט א״נ יצחק קאַפּלאַן. מצד דעם פאַר־באַנד זענען אין סוב־קאָמיטעט דעלעגירט ראובן מיינטשעמער, פייוול פרידמאַן און ישראל מארמורעק. אין אַנדערע סוב־קאָמיטעטן זענען מצד דעם „פאַרבאַנד״ דעלעגירט נח נייהויז און יעקב זילבערמאַן. פאַר אַ פריערדיקן פעריאָד איז אין שטאָט־קאָמיטעט פון קרן קימת לישראל געווען דעלעגירט יצחק גאָלדפעדער.

אין דער העכסטער אינסטאַנץ פונעם ישוב, אין דער בועגאָס איירעסער קהילה האָבן אַקטיוו מיטגעווירקט ווי פרנסים, פאַרוואַלטונג־מיטגלידער און פרע־זידיום־מיטגלידער די וואַרשעווער יוסף וויסיפקאַ ע״ה, זיי צו לענגערע יאָרן לייב שמולעוויטש און אַלתר הירש. דער לעצטער איז פרעזידיום־מיטגליד, קאַסיר, פון דער קהילה־אָנפירונג אין פעריאָד 1958—1959. אגב: ביי די לעצטע קהילה־וואַלן האָבן מצד וואַרשעווער אויך קאַנדידירט יעקב זילבערמאַן, נח נייהויז און ישראל מאַרמורעק.

און וואַרשעווער יידן אין בועגאָס איירעס זענען אַקטיוו אין דער ברייט־פאַרצווייגטער נעץ פון יידישע פינאַנץ־קאָאָפּעראַטיוועס און קאָאָפּעראַטיווע פאַר־קויף־שטעלעס פון רוישטאָפן און פאַרטיקע פּראָדוקטן.

צו די געזעלשאַפטלעכע קאַסעס געהערן: יחיאל שוואַנדער, יעקב זילבערמאַן, לעאָן לובענפעלד, אברהם סוכאַרעוויטש, ישראל מאַרמורעק — קאָאָפּעראַטיווע

„פֿורעדאָן"; נח נײַהויז — „לאָס אַנדעס"; ישׂראל פּראָסט — „קאַכאַ בעלגראַנאָ"; נח נײַהויז — אויך אין „קאַכאַ פּאָפּולאַר דע װיזשאַ קרעספּאָ".

צו דער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיװע „טעקסטילעראַ" בײַם שטריקער־פֿאַבריקאַנטן־פֿאַראײַן — יחיאל שװאַנדער; צו דער צװײטער האַנדלס־קאָאָפּעראַטיװע — לײבל שמולעװיטש.

װאַרשעװער ייִדן געהערן — נאַטירלעך — אויך צו פֿאַרשײדענע נאַציאָנאַלע פּאַרטײען װוּ זײער מיטװירקונג איז אָפֿט מאָל אָנזעעװדיק. אָנרופֿן די נעמען איז נישט װיכטיק. עס איז נאָר כּדאַי צו דערמאָנען די באַװעגונגען, אין װעלכע די װאַרשעװער זענען אָנגעשלאָסן: אחדות־העבֿודה פּועלי ציון; פּועלי־ציון האחדות; ציונים כּלליים. טײל װאַרשעװער האָבן אין דער פּאַרטײ־אַרבעט זיך אַרויסגערוקט אויף אָנפֿירנדיקע פּאָזיציעס. אַזוי האָט ישׂראל מאַרמורעק פֿאַרנומען דעם אַמט פֿון סעקרעטאַר פֿון דער פּאַרטײ ציונים כּלליים; ער איז אויך געװען סעקרעטאַר פֿון מחלקת עליה בײַ דער ציוניסטישער לאַנד־אָרגאַניזאַציע. דעם דאָזיקן אַמט האָט דערנאָך איבערגענומען דער װאַרשעװער נח נײַהויז. נײַהויז האָט אין אַן אַנדערן פּעריאָד פֿאַרנומען אַן אַמט אין שקל־קאָמיטעט פֿון דער ציוניסטישער לאַנד־אָרגאַניזאַציע, בײַ הײַנטיקן טאָג — 1959 — האַלט אָן דעם דאָזיקן אַמט ישׂראל מאַרמורעק.

לאָמיר לסוף צוגעבן: דער פֿאַרבאַנד פֿון װאַרשעװער און פּראַגער ייִדן און די קאַסע „קאַזשאַאַ" זענען אַ שול פֿאַר נײַע נאַציאָנאַלע עסקנים. במשך פֿון די פֿאַרגאַנגענע צען יאָר האָבן בײדע אינסטיטוציעס אַרויסגערוקט מערערע מיטגלידער אויף פֿאַרשײדענע געזעלשאַפֿטלעכע פּאָזיציעס, דערין אויך פּרויען. אַ דאַנק דעם זענען געװוּנען געװאָרן אַ רײ נײַע עסקנים, װאָס האָבן זיך אַקטיװ אײַנגעגלידערט אויך אין אַנדערע קערפּערשאַפֿטן. צװישן די דאָזיקע דאַרף מען צװו' אַנד' אָנרופֿן משה ליכטשטײן און מאַרסעלאָ גרינשפּאַן. און הלװאי זאָל זײער צאָל געכפּלט װערן, װײַל מיר געפֿינען זיך אָקערשט אין טראַנס פֿון פֿונאַנדערבויען ייִדיש לעבן.

ראובן מיינטשעמער

# אַ פּיאָנערישער פּאַרמעסט

עס איז אָנגענומען, אַז גרויסשטאָטישע ייִדן האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין נטיה צו לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע, וואָס איז פאַר אַ צייט געווען דער אידעאַל פון ייִדישע פירערס — אין אָנבליק פון ייִדן־רדיפות אין אייראָפּע, באַזונדער אין רוסלאַנד. אָט איז אַ דערמאָנונג וואָס וואַרפט אָפּ די דאָזיקע מיינונג.

דערין האָבן מיר אַ קימא לן פון אַ צוואַנציק יאָר זינט מיר זענען צוגעטראָטן צו פּראַקטישער אַרבעט — צו קאָלאָניזירן שטאָטישע ייִדן ביי לאַנדווירטשאַפט. „מיר", זאָג איך, ווייל אויך איך, אַ וואַרשעווער, האָב געהערט צו די דאָזיקע „פאַנאַטיקערס". יאָ, ביישטאָטישע קאָלאָניעס.

און טאַקע: דער שיינער געדאַנק וועגן ביישטאָטישער קאָלאָניזאַציע האָט זיך אויסקריסטאַליזירט ביי דער גרופּע ענטוזיאַסטן, וואָס האָט זיך לאַנג אַרומגעטראָגן מיט אָט־דער אידייע אונטער דעם בוענאָס אײַרעסער הימל. ס׳איז צרות, נישטאָ קיין שום תכלית אין שטאָטישן הוהאַ — אמתע מנוחה און אָרנטלעך ברויט דאַרף מע זיך פאַרדינען ביי ערד־אַרבעט. עבודת אדמה איז אַ געהויבענע אידייע וואָס קען לייזן אַלע ייִדישע וויטיקן. אַזוי איז געווען דער געדאַנקענגאַנג פון אונדזערע מענטשן און מע האָט פאַרטראַכט ערנסט אים צו רעאַליזירן. געווען זענען מיר דעמאָלט עטלעכע הונדערט קאַנדידאַטן צו גיין באַזעצן זיך אויף ערד, אָבער געבליבן זענען עטלעכע צענדלינג וואָס זענען גרייט שוין זיך איבערפורעמען, ווערן דאָרף־מענטשן. פון דער דאָזיקער צאָל, האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, האָבן נאָר אייניקע געוואָלט ג י י ן ד י ע ר ש ט ע כדי צו באַווייזן, אַז ביי פעלד־אַרבעט קען מען לעבן, כאָטש מ׳איז אַ „שטאָטישער עלעמענט". שוין אַוועק די צייט פון דיסקוסיעס!

און אַזוי האָבן עס געטאָן געציילטע, יחידים.

*

אמת, אָנגעהויבן האָט עס זיך וועגן נאָך מיט עטלעכע יאָר פריִער, ווען ייִדישע אימיגראַנטן פון די אַנטיסעמיטיש־פאַרסמטע אייראָפּעיִשע לענדער האָבן זיך אין זייער גרעסטער מערהייט אָפּגעשטעלט אין בוענאָס אײַרעס. נישט געהאַט צו וואָס זיך צו נעמען, פון וואָס אַרויסצושלאָגן דאָס ביסל חיונה, האָבן זיי אָנגעהויבן האַנדלען אין גאַס מיט פּאַסיקלעך, מיט שנוראָוואַדלעס וכדומה. די מחנה

פון די דאָזיקע האָט זיך פאַרגרעסערט מיטן צוקום פון דער קאָלאָניסטישער יוגנט וואָס איז אַוועק פון די קאָלאָניעס, ווײַל דער פרײַז פון אַגראַר־פּראָדוקטן איז גראָד געפאַלן אַזוי נידעריק אַז עס האָט זיך נישט געלוינט אַראָפּצונעמען די קאָ־סעטשע (גערעטעניש) און די נויט אויף די אַרגענטינער פעלדער איז געווען אין איר העכסטן אויפשטײַג.

אין יענער צײַט איז גראָד געקומען אין לאַנד אַרײַן צבי שוואַרץ ע״ה (רע־דאַקטאָר פונעם זשורנאַל פאַר אינטעגראַלער ייִדישקייט „שריפטן״), אברהם רובעל ע״ה און דער גוט־באַקאַנטער עסקן אַגראָנאָם לובעלסקי. צו זיי זענען צוגעשטאַנען אינזש׳ א. דערי, דער שרײַבער און אגראָנאָם פּנחס ביזבערג און דער מחבר פון דעם פּרק. אַלע האָט באַשעפטיקט איין געדאַנק: ק אָ ל אָ נ י ז י ר ן אויף ייִדי־שע פעלדער די אויסגעוואָרצלטע אימיגראַנטישע ייִדישע מאַסע. דעמאָלט איז גע־שאַפן געוואָרן די געזעלשאַפט „א י ב ע ר ב ו י״, צו וועלכער עס זענען צוגעשטאַ־נען אליהו טראָצקי, ד״ר משה מערקין, יוסף מענדעלסאָן, פּיניע קאַץ ע״ה, יעקב באָ־טאָשאַנסקי, משה קאָסטרינסקי (קטרון), נחום קריטשמאַר און אַנדערע. אַלעמען האָט פאַראייניקט די וואָגיקע אידייע פון שאַפן ביישטאָטישע קאָלאָניעס: שטאָט מיט דאָרף צונויפגעשמאָלצן אין ייִדנס ווילן און ס׳וועט געבוירן ווערן אַן איידעלע האַרמאָניע פון פראַצע און נאַטור־שיינקייט.

ענדלעך איז גערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג, צו וועלכער עס זענען געקומען אַריבער 200 קאַנדידאַטן אויף צו באַזעצן זיך אויף לאַנד צוזאַמען מיט זייערע משפחות (אַגב, די צאָל פון די דאָזיקע איז איטלעך מאָל געוואַקסן). ס׳איז גע־בליבן אויף אַן אמת צו שאַפן אַ ביישטאָטישע ייִדישע קאָלאָניזאַציע און מ׳האָט אויסגעקליבן אַ פאַרוואַלטונג פון אינזש׳ א. דערי, אַגראָנאָם פּ. ביזבערג, אַגראָנאָם לובעלסקי, נחום קריטשמאַר, אליהו טראָצקי, ד״ר מ. מערקין, צבי שוואַרץ, אַדאָל־פאָ רובעל, ב. זאַוויעזאַ, קופערמאַן און מיין ווייניקייט (פאַר סעקרעטאַר).

עס איז געווען די רייד וועגן דעם אַז די אימיגראַנטן וואָס פאַרנעמען זיך מיט אַזוי־גערופענעם האַנדל, וועלכער גיט זיי נישט קיין פּרנסה און נישט קיין כבוד, אַז זיי זאָלן זיך באַזעצן אין ביישטאָטישע קאָלאָניעס און טאַקע אויף אַ קאָאָ־פּעראַטיוון אופן: לעבן צוזאַמען פון פּראָדוקטיווער אַרבעט. דער פּלאַן איז געווען צו שאַפן אינטענסיווע ווירטשאַפטן, אין הסכם מיט די אָנווייזונגען פון אונדזערע אייגענע טעכניקערס, די אַגראָנאָמען. ווי אַ פּרוּוו זאָל שוין געשאַפן ווערן די ערשטע קאָלאָניע — פאַר געזעלשאַפטלעכע געלטער, ביים צושטייער פון די די־רעקט־פאַראינטערעסירטע. די לאָזונג „פון שטאָט אין דאָרף אַרײַן״ האָט באמת געהאַט אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין דער ייִדישער עפנטלעכקייט און די עסקנים, צו וועלכע מיר האָבן זיך געווענדט אין דעם ענין, האָבן צוגעזאָגט זייער מיטהילף. אויך דאָס ייִדישע געדרוקטע וואָרט האָט פאַר אונדז געעפנט טירן און אויערן...

צוגעטראָטן צו מעשים? דערווײַל זענען אָנגעגאַנגען נאָר דיסקוסיעס וועגן כאַראַקטער פון דער ערשטער קאָלאָניע: זאָל זי זיין אַ ק אָ ל ע ק ט י וו ע ? אפשר אַ ק אָ אָ פּ ע ר אַ ט י וו ע ? אַ ג אַ נ צ ע, ד״ה אַז די קאָלאָ־

ניזירטע משפּחות זאָלן זיך אָפּגעבן אויסשליסלעך מיט פאַרם־פּראָדוקציע, אָדער אַ האַלבע, ד״ה אַז דער פאַמיליע־פאָטער אָדער דערוואַקסענע קינדער זאָלן אַרבעטן אין שטאָט און די איבעריקע משפּחה־לייט זאָלן זיך אָפּגעבן מיט גאָרטן־ווירטשאַפט?

פאַר האַלבער קאָלאָניזאַציע איז געווען דער וועטעראַן פון דער אַרגענטינער יידישער קאָלאָניזאַציע, יצחק קאַפּלאַן, פאַר גאַנצע קאָלאָניזאַציע האָט זיך אַרויסגעזאָגט אינזש׳ א. דערי און מיין ווייניקייט. און מיר, די גאַנצע, זענען געווען אין דער מערהייט. דער אמת איז אָבער אַזביידע מיינונגען האָבן געהאַט וואָגיקע מאָטיוון פאַר דער באַגרינדונג פון זייערע שטעלונגען. (די פערצן יאָר פּראַקטיק פון דער שפּעטער־געשאַפענער ביי־שטאָטישער קאָלאָניע כוליאָ לעווין האָט באַוויזן אַז מיר זענען געווען די גערעכטע).

אָבער ווייטער פון דיסקוסיעס איז מע נישט אַוועק!

איין מאָל ביי אַ זיצונג פון עסקנים, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען יצחק קאַפּלאַן און פערסטמאַן (פאַרוואַלטער פון דער יידישער פאָלקסבאַנק אין יענער צייט) האָט ה׳ קאַפּלאַן זיך אויסגעדריקט: „אייגנטלעך וואָלטן מיר באַדאַרפט פאַרענדיקן דאָס גאַנצע קאַפּיטל בייִשטאָטישע קאָלאָניזאַציע, זאָגן קדיש נאָך אַלעם, וואָס איז געזאָגט און געשריבן געוואָרן וועגן דעם, נאָר די יונגע לייט (ער האָט עס אָנגעוויזן אויף מיר) לאָזן עס נישט״. פאַרקערט האָט זיך אַרויסגעזאָגט ה׳ פערסטמאַן, געבראַכט אַזעלכע ראיות און פאָרשלאָגן, אַז דאָס אייז האָט זיך גע־רירט. ס׳איז געבליבן צו ציִען די אויפמערקזאַמקייט פונעם גאַנצן יישוב אויף דער וויכטיקייט צו פאַרפעסטיקן די יידישע קאָלאָניזאַציע אין לאַנד.

עס איז נעמלעך באַשלאָסן געוואָרן צו רופן וועגן דעם אַ קאָנגרעס פון פאַר־שטייערס פון יידישע אינסטיטוציעס. יידן אין בוענאָס איירעס האָבן זיך געקהלט, געזעשט און די צייט איז זיך דערווייל געגאַנגען איר גאַנג: עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה אין איר גאַנצן שרעקלעכן פאַרנעם; און ווער ווייסט צי די יאָרנלאַנגע ציבורדיקע מי וואָלט נישט געגאַנגען לאיבוד, ווען דעמאָלט וואָלט נישט געקומען דער שרייבער און כלל־טוער מאַרק טורקאָוו, וועלכער האָט מיט זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן גענומען לייגן אַ ציגל צו אַ ציגל פאַר דער העכסט־וויכטיקער אידייע צו שאַפן יידישע בייִשטאָטישע קאָלאָניעס. געקומען צו אונדז מיט אַ מיסיע פון יידישן וואַרשע — צו העלפן ראַטעווען די ערשטע יידישע קרבנות פון בלוטיקן נאַציזם — האָט אים די מלחמה דאָ פאַרהאַלטן. טורקאָוו האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט לייב און לעבן, האָט איינגעזען די גרויס־קייט פונעם פּלאַן און האָט געוווּנען פאַר אים נייע מענטשן, צווישן זיי דעם פרי־צייטיק־פאַרשטאָרבענעם כוליאָ לעווין. פלייס און ליבשאַפט פאַר דער זאַך האָבן אַ סך אויפגעטאָן און די קאָלאָניע, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען „כוליאָ לעווין״, איז אויפגעבויט געוואָרן. דער ערשטער ייד וואָס האָט זיך באַזעצט אין דער דאָזיקער געגנט איז טאַקע דער, וואָס פאַרצייכנט דאָ די דאָזיקע געשעענישׂ.

שװער, זײער שװער זענען געװען די ערשטע טריט. פון װאַנען צו נעמען אַ בײשפּיל פאַר אַזאַ ערנסטער אונטערנעמונג, איז נישט געװען, פּעלערס זענען געמאַכט געװאָרן איבערגענוג, אָבער ליבע פאַר דער זאַך האָט נישט געפעלט. דער עיקר: אַ ייִדישע קאָלאָניע אויף קאָאָפּעראַטיװע יסודות, װאָס זאָל דינען פאַר אַ בײשפּיל און אַ סטימול פאַר אַנדערע, אַזאַ קאָלאָניע איז זי נישט געװאָרן. װאָס עס איז געבליבן פון כ ו ל י אָ ל ע װ י ן, איז אַ ייִדישער ייִשוב װוּ עס זענען איצט פאַראַן זומער־קאָלאָניעס פאַר ייִדישע שולקינדער, אויך עטלעכע הכשרות, װוּ עס װערן דערצויגן ייִדישע יוגנטלעכע מיטן באַװוּסטזײן פאַר אַ פול ייִדיש לעבן אין מדינת ישראל. איך האָב געהאַט די זכיה צו זען אָט־די ייִדישע יוגנט, װאָס האָט זיך געלערנט אַרבעטן בײ אונדז אין דער קאָלאָניע „כוליאָ לעװין", איך האָב די דאָזיקע יוגנטלעכע אויך געזען בײ דער אַרבעט אין דער ייִדישער מדינה און צװישן זײ מײנע אײגענע קינדער און אײניקלעך, דערצויגענע אין „כ ו ל י אָ ל ע װ י ן".

עס איז געװען אַ גוט־געמײנטער פּרוּװ, אָבער נישט דאָס װאָס איז געװאָרן, האָבן מיר געװאָלט, די פּיאָנערן פון אַ גרויסער טאַט.

בורסאַקאָ, נאָװעמבער 1959.

אברהם מיטלבערג

# פון „אגודת־אחים‟ ביז דעם פאָלקס־הויז אויפן נאָמען פון פוילישן יידנטום

45 יאָר זענען אַדורך זינט אין בוענאָס איירעס איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער פאַראיין פון פוילישע ייִדן אין אַרגענטינע, דער „אגודת אחים‟ וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צו דעם היינטיקן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן, פאַראייניקט מיט די נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטן, אָדער נאַציאָנאַל־ראַט. און שוין אין „אגודת אחים‟ זענען געווען וואַרשעווער ייִדן.

די געשיכטע פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע דאַטירט זיך פון אויגוסט 1915, ווען עס איז צושטאַנד געקומען די גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון דער תלמוד־תורה „לינת הצדק‟, אונטערן פאָרזיץ פון לייביש ווייסבלאַט ע"ה, מיט דער באַטייליקונג פון די עסקנים ח. מענדעלסאָן, יאַנקל פיעטרקאָווסקי, אהרן גייסערמאַן, שמעון־הערש פרידמאַן, יאַנטשע פיעטריקאָווסקי, פייוול גראַס, גאָטליב, פישל הערשקאָוויטש (ערשטער פּרעזידענט), קאָפּל גרויער, משה זאַקאַליק, משה וויינפעלד. צום באַדויערן, נישט אַלע נעמען זענען געבליבן פאַרצייכנט, אָבער די וואָס זענען געוואָרן פאַרצייכנט זענען געווען די פאַקטישע גרונטלייגערס פון דער צוקונפטיקער אָרגאַניזאַציע פון פוילישע ייִדן.

וואָס זענען געווען די אויפגאַבעס וואָס די דאָזיקע פאַרזאַמלונג האָט זיך געשטעלט: 1) די אַנטוויקלונג פון דעם אַרגענטינער ייִדישן יישוב; 2) אָרגאַניזירטע הילף־טעטיקייט; 3) אָפּהיטן ריינקייט און דערהויבנקייט פון אונדזער לעבן. שוין די ערשטע צוויי אויפגאַבעס זענען געווען פון גרויסער וויכטיקייט, ווייל דער יישוב איז געשטאַנען ביים בראשית פון זיין אַנטוויקלונג און עס איז געווען אַ יאָר נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען הילף־טעטיקייט איז געווען אַן ענין פון באַדייטנדיקער וויכטיקייט. אָבער נאָך ערנסטער איז אָפּגעשטעלט זיך אויפן דריטן פונקט: ד ע ר ר יי נ ק יי ט א ו ן ד ע ר ה ו י ב נ ק יי ט פון ייִדישן לעבן. אויף דעם שטח איז געווען זייער אַ סך צו טאָן אין יענער צייט. די באַצייכענונג „אַ ייִד פון פוילן‟, איז דעמאָלט געווען אַ סימן פון נידעריקייט. דעם פוילישן ייִד האָט מען אידענטיפיצירט מיט די געפאַלנסטע, וואָס האָבן אין יענער צייט „סימבאָליזירט‟ דעם אַרגענטינער יישוב — טמאים.

די אָרגאַניזאַציע האָט גלייך אויסגעטיילט אַ קאָמיטעט מיטן נאָמען „הילף

פאַר דער אַלטער היים״ און איז געשטאַנען אונטערן פּאָרזיץ פון דעם דעמאָלט באַקאַנטן עסקן אבא עסטערזאָן ע״ה. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט חרוב געמאַכט אַ סך שטעט אין פּוילן און צוזאַמען מיט די שטעט איז חרוב געוואָרן דאָס ייִדישע לעבן. עס האָט זיך געניייטיקט אין גרויסע מאַטעריעלע מיטלען, כדי צוריק אויפ־צוריכטן די ייִדישע קהילות און דאָס לעבן פון ייִדישע יחידים. אין די ערשטע יאָרן איז פאַרלוירן געגאַנגען דער קאָנטאַקט מיט די פאַמיליעס אין פּוילן און מ׳האָט געדאַרפט אָנקניפּן נײַע פאַרבינדונגען. פאַר דעם צוועק איז גלייך געשאַפן גע־וואָרן אַ ספּעציעלע ביוראָ פאַר אויפצוזוכן קרובים. די דאָזיקע ביוראָ האָט תיכף באַקומען אַ גרויסן אָנזען און איז געוואָרן דער צענטער פון אויפמערקזאַמקייט. הונדערטער משפחות זענען אַ דאַנק איר אויסגעפונען געוואָרן. די אַדרעסן־ביוראָ איז געוואָרן וועלט־באַרימט. אַפילו דער „היאַס״ פון צפון־אַמעריקע האָט אין אַ סך פאַלן זיך געמוזט ווענדן צו איר וועגן נייטיקע דאַטעס.

די מלחמה האָט זיך געענדיקט. עס הייבט זיך אָן דאָס קאַפּיטל פון לאָקאַלער הילף־אַרבעט. עס איז דאָס יאָר ווען ס׳האָט גענומען שטראָמען קיין אַרגענטינע די גרויסע אימיגראַציע פון פּוילישע ייִדן. שוין ביים פּאָרט זענען זיי באַגעגנט געוואָרן פון קאָמיטעט־מיטגלידער און עס איז זיי געגעבן געוואָרן די ערשטע הילף, קודם וואָס שייך דאָקומענטן, יורידישע הילף און אויך מאַטעריעלע און מאָראַלישע שטיצע. זיי האָבן נייטיק געהאַט פאַר זייער איינאָרדענונג אַ דירה, אַר־בעט, אַ הלוואה, אַ היימישע סביבה און אַ פּלאַץ ווו אויסצולעבן זיך. די אָרגאַני־זאַציע פון די דעמאָלטיקע פּוילישע ייִדן האָט עס צוגעשטעלט ביד רחבה.

אין יאָר 1927 ווערט געשאַפן די קרעדיט־באַנק, וואָס איז שפּעטער פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין דער באַקאַנטער פּוילישער באַנק וואָס איז געווען פּאַקטיש דער אָנהייב (פון צונויפגיסן אַ רייע קלענערע בענק) אין דער היינטיקער פאָלקס־באַנק (באַנקאָ איזראַעליטאַ דעל ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ). אָט־די באַנק האָט געטאָן אַ גאָר גרויסע ווירטשאַפטלעך־עקאָנאָמישע אַרבעט לטובת די אימיגראַנטן וואָס האָבן זיך טיילווייז שוין געהאַט אויסגעגרינט און האָבן באַדאַרפט הלוואות, בכדי צו קענען אַנטוויקלען די אָנהייבן פון דער אינדוסטריע און מסחר. בכן, אַ פינאַנ־צישער אָנשטרענג, וואָס מוז אַקצענטירט ווערן. חוץ דעם איז די דאָזיקע פינאַנץ־אינסטיטוציע לפי איר כאַראַקטער פון תחילת אָן אַ פאָלקסטימלעכע וואָס האָט זיך געשטעלט נאָענט צו דער מענטאַליטעט פון דעם נישט־לאַנג אַריבערגעקומע־נעם ייִד פון פּוילן. די ראָל פון דער באַנק איז נאָך נישט אין גאַנצן אָפּגעשאַצט געוואָרן, אָבער וועגן איר באַטייט ווייסן די פיל הונדערטער ייִדן וואָס זענען אויפ־געריכט געוואָרן אַ דאַנק איר.

די ראָל פון פאַראיין פון פּוילישע ייִדן איז געוואָרן וואָס אַ מאָל בולטער. געגנוג צו דערמאָנען די דערפאָלגרייכע אינטערווענץ לטובת די פּוילישע ייִדן אין באָליוויע. אַ גרויסע גרופּע פּוילישע ייִדן אין באָליוויע איז געווען אין געפאַר אַרויסגעשיקט צו ווערן פון לאַנד, אָבער אַ דאַנק די באַמיִונגען פון אָרגאַניזירטן פּוילישן ייִדנטום אין אַרגענטינע איז די דאָזיקע סכנה בטל געוואָרן.

אויך בומעריש ווערט דער פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן גרעסער און ער הייבט אָן שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין אָרגאַניזירטן לעבן פונעם ישוב. חוץ אין דער הויפּטשטאָט ווערן אָרגאַניזירט גרופּעס און פאַראיינען פון פוילישע ייִדן אין אַ סך שטעט פון דער אַרגענטינער פּראָווינץ. די אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע נעמט אָן פאָרמען פון אַ גרויסער פאָלקס־אינסטיטוציע. מיט דער צייט הייבט זיך אָן אויסשיילן דער געדאַנק צו פאַראייניקן אונטער איין דאַך די עקסיסטירנדיקע לאַנדסמאַנשאַפטן וואָס האָבן געשפּילט נישט קיין קליינע ראָל אין דער הילף־טעטיקייט לטובת די באַזונדערע שטעטלעך פון פוילן. מ׳האָט באַדאַרפט העלפן אַריבערברענגען די משפּחות און זיי איינאָרדענען ווי אויך געבן הילף פאַר די נויט־ליידנדיקע.

אין 1935 קומט פאָר די ערשטע לאַנד־קאָנפערענץ פון די לאַנדסמאַנשאַפטן. צווישן די וויכטיקע רעזאָלוציעס וואָס זענען שפּעטער אַריין אין לעבן איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַ דרום־אַמעריקאַנער קאָנגרעס און שיקן אַ דעלעגאַט צו דער וועלט־קאָנפערענץ פון פוילישע ייִדן אין לאָנדאָן. דעמאָלט איז אויסגעוויילט גע־וואָרן ווי אַ דעלעגאַט פון פוילישן ייִדנטום אין אַרגענטינע דער וואַרשעווער דוד הירש. אויף דעם קאָנגרעס איז געשאַפן געוואָרן דער וועלט־פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן. אין 1937 איז גערופן געוואָרן דער צווייטער וועלט־קאָנגרעס אין אַנטווערפּן, וווהין עס איז געווען דעלעגירט ב. וויינשטאָק. דעם זעלבן יאָר קומט פאָר דער צווייטער דרום־אַמעריקאַנער קאָנגרעס, ווו עס איז געשאַפן געוואָרן דער היינטיקער צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן אין אַרגענטינע. אין 1939 איז פאָרגעקומען דער דריטער וועלט־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק. בוענאָס איירעסער דעלעגאַטן זענען געווען: מ. אָרזשעך, משה און עדאַ וויינטרויב, לעאָן שוואַקס און פּרוי, נח ניימאַרק, יעקב פּילאַר און יעקב באָטאָשאַנסקי.

אין 1946 ווערט דורכגעפירט דער פערטער דרום־אַמעריקאַנער קאָנגרעס אין מאָנטעווידעאָ. דאָרט זענען געווען פאַרטראָטן כמעט אַלע בוענאָס איירעסער לאַנדסמאַנשאַפטן. דער דאָזיקער קאָנגרעס האָט געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג. דער וויצע־פּרעזידענט פון אורוגוויי איז געווען איינער פון די רעדנער. דער דאָזיקער קאָנגרעס איז פּרעזידירט געוואָרן דורך דעם דעמאָלטיקן פּרעזידענט פון צענ־טראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן, דעם באַקאַנטן שרייבער און עסקן מאַרק טור־קאָוו. דער מאָנטעווידעער קאָנגרעס, קען מען זאָגן, איז געווען אַ היסטאָרישער און האָט געהאַט זיין אויסווירקונג נישט בלויז אין אַרגענטינע נאָר אויך אין די שכנותדיקע לענדער. דעמאָלט איז געשאַפן געוואָרן דער היינט באַרימטער פאַרלאַג „דאָס פוילישע ייִדנטום“.

בכלל איז דער דאָזיקער פּעריאָד געווען איינער פון די פּרוכפּערדיקסטע. דער פאָרזיצער מאַרק טורקאָוו און אברהם מיטלבערג ווי דער גענעראַל־סעקרע־טאַר פונעם צענטראַל־פאַרבאַנד, האָבן גענומען אויף זיך אויפצושטעלן אַ לעבע־דיקן און ווירדיקן מאָנומענט נאָכן אומגעקומענעם פוילישן ייִדנטום אין דער פאָרעם פון אַ גרויסער ביבליאָטעק, אין וועלכער עס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס געווע־

זענען שײנע, שעפערישע לעבן פון דעם גרויסן ייִדישן פּוילן און די עינויים און פּײַנען פון דער טראַגישער אויסראָט־עפּאָכע. עס איז אַ קאָלאָסאַלער דענקמאָל נאָכן פּוילישן ייִדנטום.

דער דאָזיקער פאַרלאַג האָט אַוועקגעשטעלט דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין צענטער פון דער גאַנצער ייִדישער וועלט. פון דעם בוך אײנס: „מלכה אָוושאַני דערציילט״ פון מאַרק טורקאָוו ביז הײַנט, ווען מיר האַלטן שוין נאָענט בײַם באַנד 150.

אויפן חשבון פון צענטראַל־פאַרבאַנד דאַרף אויך צוגעשריבן ווערן דאָס שטעלן אַ מצבה אויפן קבר פון באַרימטן מאָלער מאָריץ מינקאָווסקי, וועלכער איז דאָ טראַגיש אומגעקומען אין יאָר 1930. דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן פּויליש־ייִדישן קינסטלער טראָגט אויך אונדזער פאַרבאַנד־ביבליאָטעק.

אין יאָר 1947 קומט פאָר דער דריטער וועלט־צוזאַמענפאָר פון פּוילישן ייִדנטום אין ניו־יאָרק. אונדזערע דעלעגאַטן זענען געווען: מאַרק טורקאָוו, שמעון ליכטנשטיין ע״ה, אברהם לייב און ברוך ישמח. צווישן אַ סך אַנדערע פּראָבלעמען וואָס זענען דאָרט באַהאַנדלט געוואָרן איז געשטאַנען די אויפגאַבע וועגן די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ שאַרפע רעזאָלוציע קעגן די גרויסמאַכטן וואָס האָבן נאָך אָנגעהאַלטן די קאָנצענטראַציע־לאַגערן ווו עס האָבן געלעבט טויזנטער ייִדן־פּליטים. די פאָדערונג איז געווען מ׳זאָל די דאָזיקע ייִדן לאָזן פאָרן וווּהין זיי ווילן.

דאָס איז שייך דער אַרבעט אויפן אַזוי־גערופענעם וועלט־פאָרום. כלפּי פּנים, אָרגאַניזאַציאָנעל האָט דער פאַרבאַנד געפירט אַ גרויסע הילף־אַרבעט אויף פיל געביטן. אַ באַזונדער קאַפּיטל זענען געווען די פאַרבינדונגען מיט דער אָפיציעלער פאָרשטייערשאַפט פון דער פּוילישער רעגירונג ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין לעגאַליזירן דאָקומענטן פון פּויליש־ייִדישע בירגער. אויך דאַרפן דערמאָנט ווערן די באַוווּסטע פּראָטעסט־מיטינגען וואָס דער פאַרבאַנד האָט אָרגאַניזירט קעגן דיסקרימינאַציעס און פאַרפאָלגונגען קעגן ייִדן אין פּוילן. די מיטינגען האָבן נישט אײן מאָל געהאַט אַ פּעולה.

אין פּרק פון קולטור־באַטייט גייען אויך אַריין די געטאָ־אַקאַדעמיעס וואָס זענען שפּעטער געוואָרן אַ טראַדיציאָנעלער יערלעכער מיטינג, צו וועלכן עס קומען טויזנטער ייִדן אָפּצוגעבן כבוד די אויפשטענדלערס פון וואַרשעווער געטאָ.

וואָס שייך די עסקנים, וואָס זענען געשטאַנען בראש פון דער אַרבעט פּ י ג ו ר י ר ן אין די אַרכיוון אַזעלכע פּערזאָנען ווי פּישל הערשקאָוויטש, סאַול ראָזנבערג, דוד הירש, באָריס קנאָבל, יעקב ווענגראָווער, וויקטאָר רינג, ישעיה ליקיער, אברהם פּייפערמאַן, דוד קולאַקאָווסקי, משה ווײַנטרויב, דאַמאָ־וויטש, נאַפּאַרסטעק, יאַגאָדזשינסקי, לעוויט, שערמאַן, ברעסלער, בלאַנק, פעלד, אײזנבערג, פיקער, צוקערמאַן, דיאַמאַנט, אָזשעך, טאַבאַקשנײַדער, מושקאַט, ברי־

דער ערענדאָרף, עסטערזאָן, מייזעלעס, פרידמאַן, פאַכטער, מאַדאַנעס און אַנדערע פיל פון זיי זענען וואַרשעווער ייִדן.

עס וואָלט נישט געווען פול די באַריכט־סכעמע אויב מיר זאָלן נישט דערמאָנען דעם פאָלקס־אוניווערסיטעט וואָס האָט אויף זיין חשבון צענדליגער לעקציעס איבער ייִדישער געשיכטע און ליטעראַטור און פאַרשיידענע אַנדערע טעמעס פון קולטור־אינטערעס. הונדערטער צוהערערס זענען געקומען צו די לעקציעס וואָס האָט באַוויזן צו שאַפן אַן אמתע פאָלקס־טריבונע פאַר לערנען און אויסהערן לעקציעס פון די הויפט־לעקטאָרן משה שענדעריי און יעקב באָטאָשאַנסקי.

די קרעדיט־קאָאָפעראַטיווע „פועירערדאָן" ביים פאַרבאַנד פילט אויס אַ גרויסן בלויז אויפן פינאַנציעלן געביט. הונדערטער ייִדן באַקומען אין אָט־דער קאָאָפעראַטיווע גרעסערע הלוואות אָן שום שוועריקייטן, וואָס ברענגט זיי גרויס נוצן.

אין יאָר 1948, גלייך נאָכן עטאַבלירן מדינת ישראל, ביים פּראָקלאַמירן דעם ערשטן פאַראייניקטן קאַמפּיין, האָט די צענטראַלע פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, ביי אַ פאַרזאַמלונג באַשלאָסן אַז דער קאַמפּיין פאַר ישראל דאַרף זיין איינע פון אונדזערע הויפּט־אויפגאַבן. אונדזערע אָנפירנדיקע חברים זענען אַריינגעטראָטן אין פאַרשיידענע סוב־קאָמיטעטן און געהאָלפן צום דערפאָלג פון קאַמפּיין אין 1949. ווען אַ געוויסער סעקטאָר האָט זיך געמאַכט אַ באַזונדערע זאַמלונג צום שאָדן פון פאַראייניקטן קאַמפּיין, האָט די צענטראַלע זיך געשטעלט אין קאַמף אויף צו דעמאַסקירן די פאַררעטערישקייט פון דעם סעקטאָר.

דער צענטראַל־פאַרבאַנד איז כסדר באַטייליקט אין די ברייטע פאָלקס־אַרבעטן פאַרן פאַראייניקטן קאַמפּיין. אין דעם פּרט ווערט דער צ' פאַרבאַנד דער צענטער פון אַקטיוויטעט, ווייל ער ציט צו אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן. אונדזער מיט־באַטייליקונג אין דער גרויסער אַרבעט איז אָנערקענט געוואָרן מיטן איינשליסן דעם סוב־קאָמיטעט פון צענטראַל־פאַרבאַנד אין דער נעץ פון סוב־קאָמיטעטן וואָס ווירקן אין דער הויפּטשטאָט.

אויפן פעלד פון קולטור־אַרבעט האָט דאָס אָרגאַניזירטע פּוילישע ייִדנטום אַריינגעשריבן דאָס אַקטיווסטע בלאַט אין דער געשיכטע פון אַרגענטינער ייִשוב. צוזאַמען מיטן עקאָנאָמישן וווקס האָבן מיר פאַרמערט די קולטור־אינסטיטוציעס, מיר האָבן אויפגענומען קולטור־געסט, שרייבערס און נאַציאָנאַלע מנהיגים, וואָס באַזוכן אַרגענטינע. דער צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן האָט פייערלעך אויפגענומען פּרץ הירשביינען אין 1916, הערש דוד נאָמבערגן, אין 1922; מאַרק ארענשטיינען, ל. מלאך, י. רייזפעדער, זלמן זילבערצווייג, בן ציון אלמוני, ז. אנוכי, די בינע־קינסטלערס זיגמונט טורקאָוו 1934, אייזיק סאמבערג, הערץ גראָסבאַרד, אברהם מאָרעווסקי; די פאָרשטייערס און שליחים פון ייִוואָ אין ווילנע: זלמן רייזין, גילעטשינסקי, מלך ראַוויטש; פאָרשטייערס פון די ייִדישע שולן אין פּוילן (ציש״אָ): זרובבל, טאַבאַטשינסקי און ב. שעפנער. ביים ערשטן באַזוך פון ד״ר נחום גאָלדמאַן אין אַרגענטינע איז דער גאַסט אויפגענומען געוואָרן אין צענטראַל־פאַרבאַנד

ביי אַ פּייערלעכער מסיבה. אויך אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן געפירט אַ קולטור־אַקטיוויטעט צווישן די מיטגלידער פון די נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטן.

אין די לעצטע יאָרן האָבן מיר אַריינגעפירט אַן ענדערונג: צו פאַרבינדן קולטור־אַרבעט מיט עונגי־שבת און עונגי־יום־טוב. אין די ווינטער־חדשים ווערן אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן דורכגעפירט ביי געדעקטע טישן צוזאַמענקונפטן, ווו עס ווערט ביי אַ שבת־יום־טובדיקער שטימונג געזונגען זמירות בציבור, און ספּעציעלע פּראָגראַמען. אַזוי אַרום ווערט אויך אַריינגעפירט דאָס ייִדישע און העברעיִשע ליד און דעקלאַמאַציע. יעדן ערשטן פרייטיק פון חודש איז אויך געפירט געוואָרן אַ „פּאָליטישער איבערזיכט" פון מאַרק טורקאָוו און איינגעלאַדענע רעדנערס ווי: משה שענדעריי, ד"ר יעקב ווירקליך א"א.

אין די אַלע אַרבעטן האָבן אַן אָנגעזעענעם חלק מערערע וואַרשעווער ייִדן, ממילא די מיטגלידער פון דער וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס איז אָנגעשלאָסן אינעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן.

*

ביים אַריינטרעטן אין 45סטן יאָר עקסיסטענץ שטייט דער „צענטראַל־פאַרבאַנד" ווידער ביי אַן אָנהייב, נעמלעך — פון געבן אַ נייע געשטאַלטונג דער אָרגאַניזאַציע פון פּוילישן ייִדנטום אין אַרגענטינע: מחמת גרונטיקע סיבות גיבן אַן אַנדער ריכטונג דער אַרבעט די לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס גרופּירן זיך אַרום זייער רעפּרעזענטאַטיווער קערפּערשאַפט. אונטער טראַגישע אַקאָרדן איז פאַרענדיקט געוואָרן דאָס קאַפּיטל פאַרבינדונגען מיט די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, דערין אויך מיט יענעם וואַרשע, וואָס איז אונדז געבליבן נאָר אין צעווייטיקטן זכרון. איצט געפינען מיר זיך אין דער סטאַדיע פון קלייבן מאַטעריאַלן, אויפזאַמלען זכרונות און פון אייגנטלעכן מלווה־זיין די פאַרשניטענע קהילות. מיר האַלטן ביי שרייבן יזכור־ביכער נאָך אונדזערע היימשטעט. און מדינת ישראל איז דער צענטער פון אונדזער כללישער אָריענטאַציע. יאָ, קיין נייע אימיגראַנטן פון פּוילן דערוואַרטן מיר מער נישט, דאָס גרויסע ייִדישע וואַרשע איז וויסט און פאַריתומט. האַלטן מיר דעריבער פאַר אַ הייליקן חוב צו שטעלן דאָ אַ ממשותדיקע מצבה נאָך אָט־דעם רוצחיש־פאַרלענדטן לעבן. מיר ווען אין אַרגענטינע אויפבויען אַ פאָלקסהויז וואָס זאָל זיין אַ היים פאַר פּוילישע ייִדן און אַ פאַנטעאָן פון אַל דאָס גייסטיקע וואָס איז געווען אייגן דעם נוסח פון ייִדיש־פּוילן. דער בנין איז שוין געקויפט, פאַראַן שוין אַן אַדרעס אין ממשות: „וויאַמאָנטע 2561, בוענאָס איירעס" (אין צענטער פון ייִדישן פערטל „אָנסע"). איצט בלייבט צו פאַרלייגן דעם יסוד פאַר דער גרינטלעכער באַנייאונג פון דער אַרבעט אין דעם זין אַז זי זאָל באַלעבן דעם גרויסן אָנשטרענג לטובת די פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע, דערין אויך פאַר די וואַרשעווער און פּראַגער ייִדן.



תש"ט
תשי"ב
Union Residentes Isr. de Varsovia y Praga
וואַרשעווער און פּראַגער אידן
Fundado. Julio 1949 געגרינדעט, יולי 1949
1949
1952
צום אנדענק
לכבוד דעם דריי יעריקן עקזיסטענץ פון אונדזער
פאַרבאַנד און דער באַנאַייונג פון אַ נייע דירה.
Buenos Aires, 21 de Julio de 1952 בוענאָס איירעס דעם 21טן יולי

# ווארשע אין אונדזער געדעכעניש



א. ירושלמי /תל־אביב

## אַמאָל איז געווען אַ... וואַרשע

דער גרויסער פראַנצויזישער שרייבער אַנאַטאַל פראַנס דערציילט אין זיין „פינגווינען־אינדזל" וועגן אַ שטאָט, אַ 15־מיליאָניקער, וואָס האָט געלעבט, געשטורעמט, געברויזט און ס'זענען געקומען אַנאַרכיסטן און זי אויפגעריסן.

ס'זענען געווען קאַטאַקליזמען, קאַטאַסטראָפעס נאַטירלעכע און אומנאַטירלעכע וואָס האָבן גאַנצע שטעט פאַרשאָטן. זיי באַדעקט מיט לאַווע און אויס. טראָגט זיך אַרום אַ לעגענדע (און אין יעדער לעגענדע איז דאָך פאַראַן אַ שורש אמת) וועגן אַ גאַנצן קאָנטינענט, אַטלאַנטידאַ, וואָס דאַרף זיך געפינען הינטער די וואַסערן פון אַטלאַנטישן אָקעאַן און ס'איז דאָ ווער, וואָס געפינט אין די פיראַמידעס פון די אַזטעקן אין צענטראַל־אַמעריקע שותפותדיקייט מיט די פיראַמידעס פון מצרים. קומען וויסנשאַפטלער, אַרכעאָלאָגן, קומען די סוקעניקס און גראָבן־אויס אַלטע חורבות און לייענען אין זיי די געשיכטע פון אַמאָל.

אַמאָל איז געווען אַ מעשה... אַמאָל איז געווען אַ וואַרשע. אַ וואַרשע אַ יידישע, אַ ברויזנדיקע און זי איז נישטאָ מער. און געשען איז עס נישט מיט טויזנטער יאָרן צוריק, נאָר אָט נעכטן, קוים מיט עפּעס אַ 20 יאָר צוריק און דאָך דאַכט זיך אַ מאָל, אַז אויך איר געשיכטע געהערט צו קדמונים, כאָטש אַ סך פון אונדז לעבן נאָך אויפן עולם־התוהו און פון צייט צו צייט דערמאַנט מען זיך אין יענער צייט וואָס איז געווען אַ פאַקט.

וויפל וואַסער און וויפל בלוט, וואַרעם יידיש בלוט איז פון דעמאָלט־אָ פאַרלאָפן; וואָס פאַר אַ שטורעמס האָבן מיר איבערגעלעבט, וויפל מדינות זענען אונטערגעגאַנגען און וויפל זענען געבוירן געוואָרן אין משך פון די לעצטע 20 יאָר, וויפל יאוש און וויפל נייע האָפענונגען און בטחון זענען אויפגעקומען.

וואַרשע . . .

געווען יידישע שטעט אויף דער וועלט, און גרויסע שטעט. געווען און ס'זענען פאַראַן. געווען אַ ווילנע, אַ מינסק, אַ לאָדזש, אַן אָדעס. ס'איז פאַראַן אַ ניו־יאָרק מיט מיליאָנען יידן, כן ירבו, ס'איז פאַראַן היינט אַ לאָנדאָן, אַ בוענאָס איירעס.

אין לאָנדאָן און אין בוענאָס איירעס געפינען זיך נישט ווייניקער יידן ווי אין אַמאָ־ליקן וואַרשע. אין ניו־יאָרק געפינען זיך 7 מאָל מערער ווי געווען אין וואַרשע — און דאָך קומען זיי נישט צו דער וואַרשע, וואָס מיר האָבן געקאָנט.

געווען אַ שטאָט פון אַ מיליאָן איינוווינער און צווישן זיי 350 טויזנט יידן. אָבער די 35 % יידן האָבן געגעבן דעם קאָלאָריט, דעם אויסזען דער גאַנצער שטאָט. די פּאָליאַקן האָבן זיך געפונען אין וואָליע, אָכאָטע, מאָקאָטאָוו. זיי זענען געווען אין די פאַבריקן. אין די מלוכה־ביוראָען. זיי זענען געווען די טראַמוויי־פירערס און די גאַסן־קערערס — אָבער שמייען איבער די גאַסן, פאַרפולן די גאָרטנס, די פּאַרקן, די טעאַטערס, די אָפּערע — האָבן די יידן. די געשעפטן, זייער מערהייט, זענען געווען יידישע. פון מיאָדאָווע און ביעלאַנסקע ביז העט ווייט נאָך סטאַווקי און ניזקע, פון פרעטאַ ביז סמאָטשע און פון זשעלאַזנע, זלאָטע איבערן גזשיבאָוו, טוואַר־דע, קראָכמאַלנע ביז זשעלאַזנע — איז געווען באַזעצט פון יידן, יידן גבירים און יידן אביונים, יידן וואָס האָבן באַוווינט פּרעכטיקע ווילעס און קאַמיעניצעס גאַנצע, ביז יידן וואָס האָבן פאַרפולט די נאַסע, שמוציקע, פינצטערע קעלערס, יידן — פּאַב־ריקאַנטן און יידן — רופיאַנעס, יידן יראי־שמים און יידן גנבים פון אָסטראָווסקע־געסל, יידן שפּעקולאַנטן, שווינדלערס, ברילייאַנטן־פּאַרקויפערס און יידן — אידע־אַליסטן, וואָס זענען געגאַנגען אויף קידוש־השם פאַר זייער אידעאַל; יידן — פרומע ביזן פאַנאַטיזם פון נטורי־קרתא און יידן אַפּיקורסים. אַ טייער — אַ גאַנץ פּאָלק אַ יידישס מיט אַל דאָס גוטע און אפשר דאָס בעסטע, וואָס עס קען פאַרמאָגן אַ פּאָלק און אויך מיט אַל דאָס ערגסטע, וואָס עס קען פאַרמאָגן אַ פאָלק. נישט קיין פאָלק פון כולו חייב, נישט קיין פאָלק פון כולו זכאי, פון בלויז מעלות, אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך און דאָך נישט גלייך.

ס׳האָט נישט געפעלט קיין אָפּפאַל ביי יידן אין וואַרשע. איצט איז נישטאָ מער קיין „מאָטקע גנב" ביי יידן. ס׳זענען נאָך פאַראַן גנבים און נישט ווייניק. זעלטן וועט איר הערן וועגן אַ יידישן גנב אין בוענאָס איירעס, ס׳זענען פאַראַן שווינדלערס, אָבער קעשענע־גנבים זענען כמעט נישט פאַראַן. נישטאָ קיין יידישע גנבים אין ניו־יאָרק, לאָנדאָן. זיי זענען נאָך פאַראַן אַ ביסל אין די הינטער־געסלעך פון יפו. אָבער דער קאָלאָריט פון יידישן גנבל אין וואַרשע, וואָס איז פעיק אין אַ פולן טראַמוויי אָפּשניידן אַ שטיק קאַראַקול פון אַ פרויען־מאַנטל און מאַכן אַ ויברח אין זיין „מאַלינע" אויף קראָכמאַלנע אָדער אָסטראָווסקע־געסל איז שוין מער נישט פאַראַן. ס׳זענען נישטאָ מער די קוילן־טרעגערס מיט 6 „כלות" יעדער איינער. ס׳זע־נען נישטאָ די יידישע פּראָסטיטוטקעס, וואָס פלעגן פאַרפולן די גאַסן פון מאַרשאַל־קאָווסקע ביזן פּזשעיאַזד. ערגעץ ווו, ערגעץ ווען איז נאָך געבליבן אַ שריד, אָבער טאַקע נישט מער פון אַ שריד.

און פון דער צווייטער זייט? ווער האָט עס פאַרפולט די פוילישע תפיסות, אויב נישט יידישע יונגע לייט אידעאַליסטן, וואָס זענען געגאַנגען אויף קידוש־השם אין נאָמען פון אַ נייער וועלט, אַ וועלט פון יושר און צדק, וואָס זיי האָבן געוואָלט בויען. ווער זענען עס געווען די בעסטע מוזיקערס, די בירנבאַומס, די בעסטע טעאַ־

טער־רעזשיסערן — די פּישמאַנס און שמידס, זשורנאַליסטן, מאַטעמאַטיקערס — אויב נישט ייִדן? װער האָט זיך צום מערסטן געקאָכט, דיסקוטירט אויף די גאַסן, אין די גערטנער, אין די פּאַרקן, אויב נישט ייִדן?

350 טויזנט ייִדן זענען פֿאַראַן אין בוענאָס איירעס, 350 טויזנט ייִדן אין לאָנ־דאָן — כּן ירבו (און זאָלן זײ קיין מאָל נישט קענען די גרוילן פֿון ייִדישן װאַרשע) — אָבער װוּ, אויסער אין נישט קיין סך גרעסערן תּל אָבִיב, איז פֿאַראַן אַזאַ קאָליר־פֿול לעבן, װאָס איז געװען אין װאַרשע. װאַרשע איז נישט געװען סתּם אַ ייִדישע שטאָט, סתּם אַן עיר ואם בישראל; זי איז געװען די הויפּטשטאָט פֿון $3^1/_2$ מיליאָן פּוילישע ייִדן, 2 מאָל מערער װי אין היינטיקן מדינת ישראל און זי איז געװען די הויפּטשטאָט פֿון גאַנצן ייִדישן פֿאָלק אין דעם גרויסן 17 מיליאָניקן ייִדישן גלות.

26 פּאַרטייען עקסיסטירן היינט אין מדינת ישראל, פֿון זײ 6 אַראַבישע און 3 ספֿרדישע. נישט װײניקער האָבן זיך דאָך געפֿונען אין ייִדישן װאַרשע. װאָס איז נישט געװען? פֿון די רעװיזיאָניסטן אויף רעכטס ביז די קאָמוניסטן אויף לינקס, פּאַרטייען פֿון אַלע ניואַנסן, מיט אַלע טענער און פֿאַרבן. געװען נטורי־קרתּאניקעס, געװען אַגודהניקעס מיט זייערע לאַנגע שװאַרצע קאַפּאָטעס, מיט פֿאַרגלאָצטע יראת־שמימדיקע אויגן, װאָס האָבן אויסגעקוקט ביאת־המשיח. געזוכט אים אין זוהר און קבלה, ביים גערער און אָסטראָװצער רבין, בײ װעמען דער משיח פֿון נאַציאָ־נאַלער פֿרייהייט און זעלבשטענדיקייט, דער משיח פֿון בשר ודם, איז געװען פּסול; זײ האָבן געקאָנט טאַנצן אַרום דער שטול פֿון פֿאַרשטאָרבענעם רבין און גלייבן באמונה שלימה, אַז זײ זענען עס די נשמה־יתרהדיקע ייִדן װאָס װעלן טאַנצן איבער די חורבות פֿון דער װעלט. זײ האָבן געקאָנט אין די טויזנטער פֿאַרפֿולן די װינער באַן־סטאַנציע, װען דער גערער רבי פֿלעגט קומען אויף אַ באַזוך און פּילסודסקי האָט אים אויפֿגענומען מיט אַ ראָטע סאָלדאַטן, װאָס האָט פּרעזענטירט דאָס געװער...

עס זענען געװען ציונים פֿון אַלע קאָלירן און שאַטירונגען. ציונים־רעװיזיאָ־ניסטן, װאָס האָבן געחלומט װעגן ייִדישע לעגיאָנען, זיך געשפּילט מיט שװערדלעך (הילצערנע) און געװאָלט מיט זײ באַפֿרייען די ייִדישע מלוכה און דװקא אין די היסטאָרישע גרענעצן פֿון נחל פּרס ביזן נחל הגדול (נילוס). עס זענען געװען די בעלי־ביתלדיקע ציונים כּלליים מיט ד״ר טאָן, יצחק גרינבוים, ד״ר האַרטגלאָס בראָש, װאָס האָבן געגעבן דעם טאָן דעם ייִשוב, געקעמפּט אין סיים פֿאַר די ייִדישע רעכט. געװען די פּועלי־ציון (רעכטע), צעירי־ציון; געװען לינקע פּועלי־ציון, װאָס האָבן אויף קאַרמעליצקע 23 דיסקוטירט הייס די 21 פּונקטן פֿון קאָמוניסטישן אינ־טערנאַציאָנאַל און זיך אָפּגעזאָגט מיטצואַרבעטן מיטן „רעאַקציאָנערן" קרן קימת לישראל און נאָך מער „רעאַקציאָנערן" ציוניסטישן קאָנגרעס.

אָן אַ שיעור יוגנט־גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס זענען געװען. אָט איז „פֿרייהייט", אָט איז „הרצליה", „קדימה", אָט איז דער „החלוץ", דער „השומר הצעיר", װאָס ברענען אין זייער התלהבות, איילן זיך אין דער הכשרה אין גראָכאָװ, פֿאַרפֿולן די ביוראָען אויפֿן גזשיבאָװ און בעטן זיך רחמים: „גיט מיר „אַ סערטיפֿיקאַט" צו פֿאָרן קיין ארץ־ישראל"!

און דאַן די קעגנערס: „אין די וויסטעס פון פּאַלעסטינע וועט איר פּאַרפוילט ווערן", „ענגלישע קנעכט", „אימפּעריאַליסטישע אַגענטן", „קיין שפּילקע־קעפּל גייט שוין נישט אַריין אין פּאַלעסטינע", „די אַראַבער וועלן אייך פאַרניכטן", „אַ יידישע מלוכה מיט יידישער פּאָליציי ווילט זיך זיי", „חיים וויצמאַן אַ פּרעזידענט", קאָכט דזשיקע, נאַלעווקעס, לעשנע, פזשעיאַזד און דאַן קומען ערנסטע לעקטאָרן, „בונ־דאָווצעס", „פּאַראייניקטע", קאָמוניסטן און באַווייזן שוואַרץ אויף ווייס, מיט עקאָ־נאָמישע, טיף־פּאַרטראַכטע רעפעראַטן, אָנגעפּיקעוועטע מיט ציטאַטן און ציפערן וועגן דער אוממעגלעכקייט צו שאַפן אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל, אַ לאַנד וואָס פּאַרמאָגט נישט קיין קוילן, קיין אייזן, קיין נאַפט. ברענגען ציטאַטן פון מאַרקסן, פון לענינען און פון וועמען נישט?

קעמפט דער „בונד" פאַר „נאַציאָנאַלער יידישער אויטאָנאָמיע" אין פּוילן, קעמפט און קעמפט אויס 2 יידישע טראַמוויי־פירערס און דווקא אויף דער ליניע 4, וואָס סימבאָליזירט די סיים־ליסטע פון „בונד", בויט שטאַרקע, פּרעכטיקע קאָאָ־פּעראַטיוון, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, שולן, בויט אַ יידיש לעבן, אַ נאַציאָנאַל־לעבן און אַלץ אויף זאַמד... חברט זיך מיט דער פּ.פּ.ס., וואָס איז נישט שטאַרק צופרידן פון יידישן שותף.

קעמפן די יידישע קאָמוניסטן, די קאָמוניסטישע יוגנט, אין זייער אומלעגאַ־ליטעט און חלומען וועגן אַ וועלט אַ נייער, וועגן דער וועלט־רעוואָלוציע וואָס וועט קומען. זיי, די „מורדזשעל" (מוראַנאָווסקאַ דזשעלניצאַ) זענען די ערשטע אויף די קאָמוניסטישע מאַניפעסטאַציעס, ווו זעלטן מען זעט אַ „גוי" אויף אַ רפואה, זיי לויפן קיין וואָליע, אָכאָטע, ברודנע. זיי קלעפּן די אויפרופן קעגן דער פּוילישער רעגירונג, קעמפן פאַרן ראַטנפאַרבאַנד, פאַרפוילן די תפיסות, ווערן געהאָנגען און געמאָרדעט און אַלץ — כדי סטאַלין זאָל ווערן דער דיקטאַטאָר פון רוסלאַנד און מאָרדן די קאָמוניסטן, רוסישע, אוקראַינישע, פּוילישע, יידישע...

וואַרשע —

עס איז די שטאָט פון יצחק לייבוש פּרץ, די שטאָט פון שלום אַש, פון וויסענ־בערג, די שטאָט פון אברהם רייזען, פון דאַנען פאָרן עס דוד בערגעלסאָן און משה קולבאַק און פּרץ מאַרקיש און ברונאָ יאַשענסקי קיין מאָסקווע, כדי דערמאָרדעט צו ווערן דורכן „פּאָטער פון די פעלקער". ס'האָט נישט געהאָלפן דער לויב־געזאַנג פונעם זינגער פון די יידן אין רייסן, ס'האָט נישט געהאָלפן דאָס חנפענען זיך צום גרוזינישן איוואַן „זאָג איך סטאַלין, מיין איך זון" — זיי זענען פאַרניכטעט געוואָרן ווי ס'האָט עס גאוניש פאָרויסגעזען י. ל. פּרץ: „כ'בענק נאָך דער רעוואָלו־ציע און כ'האָב מורא פאַר דיר" ווייל

"niema gorszego chama,
jak z chłopa — pana."

אין דעם דאָזיקן וואַרשע בליען עס צישאָ־שולן, תרבות־שולן, מ'בויט יידיש־געזעלשאַפטלעכע געביידעס, מ'בויט פאָלקס־אוניווערסיטעטן, אָוונט־שולן, קורסן, סעמינאַרן, די פּרעכטיקע קינדער־סאַנאַטאָריע א"נ פון מעדעם אין מיעדזעשין, מען

קהלט זיך אין דער גמינע, מ׳קעמפט פאַר איר רעליגיעזן אָדער וועלטלעכן כאַ־ראַקטער, עס קעמפן צילינדער־ייִדן "polacy wyznania mojzeszowego" און ווילן דווקא דערווייזן, אַז זיי זענען די בעסטע פּאָליאַקן, נישט 100 נאָר 200־300 פּראָצענטיקע און די געבירטיקע פּאָליאַקן האָבן זיי פיינט, די אַסימילאַטאָרן, די קולטורעלע, ציוויליזירטע ייִדן, וואָס ווילן נישט זיין קיין ייִדן צוגלייך מיט די קאַפּאָטע־ייִדן.

און אָט איז די סטודענטישע פּלעיאַדע. וואַרפט מען אַרויס די ייִדישע סטו־דענטן פון די "Bratnia Pomoc" , פאַרווערט מען זיי אָנצוטאָן די סטודענטישע היטעלעך, מ׳שלאָגט ייִדישע סטודענטן, מ׳לאָזט זיי נישט אַרייַן אין אוניווערסיטעט, אין פּאָליטעכניקום, „נומערוס קלאַוסוס״, בויט מען אַן אייגענע „זשידאָווסקאַ סטזשעכאַ אַקאַדעמיצקאַ״ אויף ניי־וועלט 21, בויט מען אַן אייגענע אַקאַדעמישע היים אין פּראַגע און מען דיסקוטירט, מ׳קעמפט ווי לייבן.פּאַרמאָגט יעדע פּאַרטיי אַן אייגענע סטודענטישע אָרגאַניזאַציע און דער שונא איז איינער — אָבער נייך, דעם שונא זעט מען נישט, מ׳קעמפט צווישן זיך הייס, צו הייס. זיגן די ציונים, באַיקאָטירן די „פּאָכאָדניאַ״־גרופּע, זיגן די „פּאָכאָדניאַוּצעס״ (קאָמוניסטן) באַי־קאָטירן די ציונים און דאָס רעדל דרייט זיך אין דער קך איז נאָענט, נאָענטער ווי עס חלומט זיך, אָבער נישט דער קך, דער אויסגעחלומטער פון די בעלי־קבלה, — נאָר דער קך פון אַשמדאי, וואָס וואַרפט אַלעמען אַריין אין די גאַז־קעסלען פון אָשווענטשים און מאַידאַנעק.

אַמאָל איז געווען אַ וואַרשע, די וואַרשע איז נישטאָ מער. שאָטנס באַוועגן זיך נאָך אויפן אַלטן מאַרק, שאָטנס פון אַמאָל.

אַ גראַנדיעזער דענקמאָל שטייט אויפן אָרט, ווו ס׳איז געווען דאָס ייִדישע וואַרשע. אַ נייע וואַרשע בויט זיך, אָבער נישט אונדזערע, אַ פרעמדע, אַ וואַרשע פון אונדזערע שונאים, אַ וואַרשע פון די, וואָס האָבן געהאָלפן אונדז אויסראָטן. מיט דער וואַרשע האָבן מיר נישט קיין שום שייכות. זענען נאָך געבליבן דאָרט אַ הייפל פון די, וואָס סטאַלין האָט נישט באַוויזן איסמאָרדן, די זאכאַריאַשעס, די סמאָליאַרס און מער גאָר נישט. שאָטנס אויפן אַלטן מאַרק.

„אַמאָל איז געווען אַ מעשה,
די מעשה איז גאָר נישט פריילעך״ — — —

**יצחק אייזנבערג** /תל־אביב

# וואַרשע – דאָס האַרץ פון פּוילישן ייִדנטום

איך אַליין בין אַ „פּראָווינצער". איך בין געבוירן געוואָרן אין פּינסק און דאָרט פאַרבראַכט מיין קינדהייט און פרי̇ע יוגנט, אָבער אין וואַרשע האָב איך געלערנט עטלעכע יאָר, מיט וואַרשע שטיי איך אין אַ גאָר נאָענטן קאָנטאַקט די אַלע יאָרן און גלייך נאָכן צווייטן וועלט־קריג האָב איך ווידער באַזוכט וואַרשע, געזען זי פון דער נאָענט, מיט אַ צעבראָכן האַרץ, דעם שרעקלעכן חורבן פון דער דאָזיקער עיר ואם בישראל.

צווישן ביידע וועלט־מלחמות, ס'הייסט ביז סעפּטעמבער 1939, איז דאָס פּוילישע ייִדנטום געווען דאָס האַרץ פון ייִדישן פאָלק אויף דער גאָרער וועלט און וואַרשע איז געווען דאָס האַרץ און דער מוח פון די דריי און אַ האַלבן מיליאָן ייִדן, וואָס האָבן אין „יענער תקופה" געלעבט אין דער פּוילישער רעפּובליק. ייִדן זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער צענדליגער שטעט און הונדערטער שטעטלעך פון דער פּראָווינץ. די פּראָווינץ האָט אויך געהאַט איר באַזונדערן חן, אָבער אַלעמענס אויגן זענען שטענדיק געווען געווענדט צו וואַרשע, צום פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטור־צענטער סיי פאַר דער גאַנצער פּוילישער מדינה און סיי פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג.

שרייבנדיק די דאָזיקע שורות דערמאָן איך זיך דעם אויסזען פון די „נאַלעווקעס". נישט איין מאָל האָט מען דאָך מיטן וואָרט „נאַלעווקעס" זיך באַנוצט ווי אַ זידל־וואָרט (ביי אונדז אין ישראל אַוודאי און אַוודאי!), אָבער וויפל וויטאַליטעט און לעבנס־לוסט איז געווען סיי אויף דער דאָזיקער גאַס און סיי אין איר נאָענטער סביבה? ייִדן האָבן געפּרוווט „מאַכן אַ לעבן", נישט געקוקט אויף אַלע רדיפות און ווירטשאַפטלעכע באַגרענעצונגען מצד דער פּוילישער רעגירונג.

די וואַרשעווער קהילה איז אויסגעוואָקסן אַ מעכטיקער כוח אין ייִדישן לעבן און זי דינט נאָך עד היום פאַר אַ מוסטער פאַר פיל אַנדערע ייִדישע געמיינדעס אויף דער וועלט (די קהילה אין בוענאָס־איירעס צווישן זיי). שולן און בתי מדרשים זענען געווען אין וואַרשע ממש „אויף יעדן שריט און טריט"; די הויפּט־צענטערס פון די ייִדישע און העברעיִשע שולעס („תרבות", ציש"אָ, „שול־קולט" אאַז"וו)

האָבן זיך געפונען אין וואַרשע, אַלע ייִדישע טעאַטער־טרופּעס פלעגן פון וואַרשע אַרויספאָרן אין דער פּראָווינץ אויף גאַסטראָלן. אַ ל ע ל ע ב נ ס ־ פ ע ד ע ם ה אָ ב ן ג ע פ י ר ט ק י י ן ו ו אַ ר ש ע א ו ן פ ו ן א י ר. חוץ די העכער 300 טויזנט סטאַבילע ייִדישע תושבים פון דער הויפּט־שטאָט האָבן נישט ווייניקער ווי אַנדערע 150 טויזנט ייִדן פון דער פּראָווינץ זיך געפונען אין איר. זיי זענען געקומען צוליב פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע ענינים. אַזוי טאָג־איין טאָג־אויס.

איך דערמאָן זיך איצט ווידער אָן די ייִדישע רעדאַקציעס פון וואַרשע ווו מיר איז אָפט מאָל אויסגעקומען צו זיין. טאַקע אויף די נאַלעווקעס האָט זיך גע־פונען די רעדאַקציע פון „מאָמענט“. אויף כלאָדנע נומער 8 האָט זיך געפונען דער „היינט“. אויף אַנדערע גאַסן זענען געווען די רעדאַקציעס פון „אונדזער עקספּרעס“, „פאָלקסצייטונג“, „דאָס ייִדישע טאָגבלאַט“, ווי אויך פון דעם ייִדיש־פּוילישן „נאַש פּשעגלאָנד“. במשך פון עטלעכע יאָר איז אויך דערשינען אין וואַרשע אַ העברעיִשע טעגלעכע צייטונג („היום“ און „הצפירה“), היינט ווער פון אונדז גע־דענקט נישט דעם לאָקאַל פון ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13? היינט ערשט יוסף העפּטמאַן ז״ל (באַקאַנט די לייענערס פון „מאָמענט“ אונטערן נאָמען שמואל) — דער וואַרשעווער — מיט וועמען עס איז מיר אויסגעקומען צו אַר־בעטן צוזאַמען כמעט גאַנצע צוויי צענדליגג יאָר אין דער תל־אָביבער צייטונג „הבוקר“, און די „וואַרשעווער“ ז. סעגאַלאָוויטש און י. מ. ניימאַן ז״ל און יבדלו לחיים דוד פלינקער, מרדכי צאַניך, שמואל וואלקאוויטש, א. ס. ליריק, י. זרובבל, ד. ב. מאַלקין, משה גראָסמאַן, א. רעמבאַ, שלום גאָטליב (ידידיה), ד״ר יוסף קרוק, ד״ר א. ש. יוריס, משה רון, דער באַקאַנטער רעזשיסער און שוישפּילער זיגמונט טורקאָוו, זיי אַלע זענען רינגען פון דער קייט וואָס הייסט ייִדיש וואַרשע, וואָס דויערט נאָך און וועט דויערן — אין אונדזער זכרון.

איבער זיי אַלע גייט אויף די געשטאַלט פון יצחק גרינבוים, דער פּאָליטישער פירער און פּען־מענטש, וואָס פייערט אָקערשט זיין אַכציק־יאָריקן געבוירנטאָג. ער האָט דאָך אַזוי פיל אויפגעטאָן סיי פאַרן ייִדישן ייִשוב אין פּוילן און סיי פאַרן אויפבוי פון דער ייִדישער מדינה און געווען איר ערשטער אינערן־מיניסטער.

געשטאַלטן פון פּוילישן ייִדנטום בכלל און פון וואַרשעווער בפרט קומען אויף פאַר אונדז און זיי לאָזן זיך נישט פאַרגעסן. היינט צי קענען מיר, אַלטע תושבים פון דער ייִדישער מדינה, פאַרגעסן ווי גרויס עס איז געווען דער אָנטייל פון דער ייִדישער וואַרשע אין דעם אויפבוי פון אונדזער פאָטערלאַנד? י ִ ד ן פ ו ן ו ו אַ ר ש ע, ל אָ ד ז ש א ו ן אַ נ ד ע ר ע ש ט ע ט ה אָ ב ן ג ע ־ ה אָ ל פ ן ב ו י ע ן ת ל ־ אָ ב י ב. און נישט בלויז תל־אָביב.

ו ו אַ ר ש ע א י ז א ו י ס ג ע ו ו אָ ק ס ן א י ן אַ ס י מ ב אָ ל א י ן י ִ ד י ש ן ל ע ב ן א ו ן ע ס א י ז ג ו ט, ו ו אָ ס ע ס ז ע נ ע ן נ אָ ך פ אַ ר אַ ן י ִ ד ן ו ו אָ ס ט ר אָ ג ן א י ן ז י י ע ר ה אַ ר ץ ד ע ם אָ נ ד ע נ ק פ ו ן א י ר ש י י נ ק י י ט א ו ן א י ר ר ו ם.

לייב שמולעוויטש / בוענאָס איירעס

# די חברה „פּועלי צדק“

איך בין שוין אַ פּאָר צענדליגג יאָר אַוועק פון מיין טאַטע־מאַמע־היים, איך האָב אַליין שוין אויפגעבויט מיין אייגענע היים אויף אַרגענטינער באָדן און דאָך זענען אויף אַלע מיינע מענטשלעכע „אייביקייטן“ (ווי מ׳זאָגט עס) איינגעקריצט אין זכרון די ספּעציפישקייט פון יענעם וואַרשע, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן. און עס נאָגט אַ טיפע בענקשאַפט דערצו. אפשר איז עס הערפּאַר ווייל דאָ, אין דעם גרויסן בוענאָס איירעס איז אַזוינס נישט בנמצא. אָט אַ שטייגער די באַזונדערקייט פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער קליידונג — די לאַנגע טונקעלע קאַפּאָטע פון אונדזערע זיידעס, פאָטערס און פעטערס; די קליינע, קיילעכיקע שוואַרץ־טוכענע היטעלעך, די טיפע קאַמאַשן. שוין נישט צו רעדן וועגן זייער אָפּגעהיטנקייט אין לעבן, אין דעם אייגנאַרטיקן פירעכץ, די צוגעבונדנקייט צו דער שיינער מידה פון העלפן אַ געליטענעם, האָבן רחמנות אויף אַ געפאַלענעם אין פּרנסה צי חלילה אין געזונט.

פון יענעם וואַרשע דערמאָנט זיך שטאַרק די געזעלשאַפט „פּועלי צדק“ אויף וואָלינסקע 10. געגרינדעט געוואָרן אין 1910 איז די חברה במשך פון יאָרן אויסגעוואַקסן אין אַ פאַראיין פון העכער דריי טויזנט מיטגלידער. אָנגעהויבן פון אַ קליינער אינסטיטוציע פאַר קעגנזייטיקער הילף, אַ גמילת חסדים־קאַסע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן הלוואות אָן צינזן און זי האָט זיך מיט דער צייט פונאַנדערגעצווייגט אין אַ געזעלשאַפט, וואָס פאַרענטפערט אַלע באַדערפענישן פון אַלזייטיקער סאָציאַלער הילף. ס׳איז געוואָרן אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע פאַרן אָרעמען, מער־באַמיטלטן און אפילו פאַרן קליינהענדלער. פאַר אַלץ, אין וואָס אַזאַ יידישע פאַמיליע נייטיקט זיך, האָט „פּועלי צדק“ געהאַט די הילפגרייטע האַנט. למשל: הכנסת כלה, אויב אַ ייד אַ קנאַפּער גביר האָט געדאַרפט חתונה־מאַכן זיין טאָכטער איז די געזעלשאַפט אַנטקעגן געקומען מיט כלערליי הילף; לינת הצדק, אויב אין אַן אָרעמער פאַמיליע איז חלילה געווען אַ קראַנקער, האָט פּועלי צדק אים באַזאָרגט סיי מיט אַ דאָקטער, סיי מיט רפואות און אַפילו אויך מיט אַ ביסל לאָבונג צו שטאַרקן דעם חולה. געווען ביי דער געזעלשאַפט אויך אַ סעקציע „גוט־שבת־יידעלעך“. יעדן ערב־שבת פלעגן אַרויס אין שטאָט אַריין צענדלינגער טייערע, אָפּגעהאָרעוועטע יידן, זיי האָבן פאַרלאָזט זייערע פּרנסות, זייערע משפחות און אין קוישן אַריין צונויפגעזאַמלט עסנוואַרג, געבעקס, פליישן, פיש און אַלע אַנדערע נייטיקייטן און דאָס שטילערהייט,




די אָנפירונג פון „פועלי צדק״ אין וואַרשע, 1926. דער דריטער פון דער ריי זיצנדיקע (פון רעכט אויף לינקס) איז דער מחבר פון קאַפּיטל זכרונות, לייב שמולעוויטש; דער ווייטערדיקער, מיט דער באָרד, איז דער רבי וואָס פלעגט לערנען פאַרן עולם

בכבוד פונאַנדערגעטראָגן איבער פאַרשיידענע הייזער און דערנאָך איבער שפּיטע־לער, אינטערנאַטן, אין משוגעים־הויז אויף באָניפראַטן; אַ טייל פון דעם עסנוואַרג איז אויך אַוועקגעטראָגן געוואָרן צו עלנטע קראַנקע אין אָרעמע היימען. געווען אין אויג פון די עסקנים ביי „פּועלי־צדק" אויך דער חוב פון מתן־בסתר פאַר גאָר בכבודיקע פאַמיליעס, וואָס האָבן נישט געקענט פּועלן ביי זיך אויסצושטרעקן אַ האַנט נאָך מענטשנס גאָב. אַזעלכע פלעגן הונגערן און זיך שעמען צו בעטן מ׳זאָל זיך איבער זיי דערבאַרעמען. עס איז געווען געגוג אַז עמעצער אין אַ וואַרשעווער הויף זאָל אָנווייזן אַז ס׳געפינט זיך אַזאַ משפּחה. אַזאַ שטוב פלעגט שוין אויף מאָרגן באַזוכן אַ ספּעציעל־באַשטימטער חבר און מ׳האָט שוין געזאָרגט מיט אַלע מעג־לעכקייטן אַז די דאָזיקע פאַמיליע זאָל קומען צו זיך... עס איז אוממעגלעך צו באַ־שרייבן די גרויסקייט פון דער טאַט! פּשוט, ס׳איז געווען אַ „קליינע קהילה", נאָר אָן פּראָטעקציע. און אַלץ בסתר. עס האָט אַפילו נישט געוווסט דערפון די גאַנצע פאַרוואַלטונג. די עסקנים פון „פּועלי צדק" זענען נישט אויסן געווען זייער כבוד, זיי האָבן געהאַט אין זינען דעם געדריקטן יידישן מענטש. פאַר אַזעלכע זענען געווען אַלע אָנשטרענגונגען. באמת, דאָס וואָס אונדזערע טייערע עלטערן עליהם השלום האָבן געטאָן פאַר מענטשן, וואָלט אונדז אַלעמען געדאַרפט דינען פאַר אַ מוסטער אין אונדזערע טעג, און זיי זענען ווייט נישט געווען קיין גבירים.

טייערע יידן זענען געווען די טוערס פון „פּועלי צדק".

נישט איין מאָל אַוועקגעגעבן אַ טייל פון זייערע אייגענע מיטלען אַבי צו העלפן אַן אומגליקלעכער, פאַראָרעמטער אָדער פאַרצווייפלטער פאַמיליע. וויפל טראַגעדיעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט! יידן האָבן נעבעך געהונגערט און נישט געוואָלט געניסן פון קיין גאָב, אָבער די טוערס האָבן שוין געפונען דעם וועג און געהאָלפן. געווען צייטן, באַזונדערס ווען דער דייטש ימ״ש איז אַריין אין וואַרשע, 1915, עס האָט אויסגעבראָכן אַ געפערלעכע גריפּע, האָבן אַלע פאַרוואַלטונג־מיטגלידער און סתם־גוטהאַרציקע זיך צוגעגרייט אַז זיי זאָלן זיך נישט אָנשטעקן און נישט אָנ־שטעקן זייערע פאַמיליעס און זענען אַוועק אויף „לינות", כדי די היימישע פון די קראַנקע זאָלן קענען זיך אָפּרוען. גלייכצייטיק האָבן זיי געברענגט מעדיקאַמענטן, אויב מען האָט געדאַרפט — אויך אַלימענטן. אָ, ווי איך הייב־אָן זיך צו דערמאָנען די צענדלינגער סצענעס וואָס פלעגן זיך אָפּשפּילן אין דער דאָזיקער טעטיקייט! איך האָב אַקטיווירט אין דער געזעלשאַפט איבער 15 יאָר. אין 1926, ווען איך בין אַוועק־געפאָרן קיין אַרגענטינע, האָב איך מיר נישט פאָרגעשטעלט אַז נאָר צוויי פון יענע וואַרשעווער עסקנים, איך און יוסף לעוו וועלכער געפינט זיך אין קאַנאַדע, וועלן איבערבלייבן נאָך דער קאַטאַסטראָפע וואָס האָט זיך געקליבן אויף יידישע לעבנס. זאָלן די פּאָר שורות זיין אַ דערמאָנונג אין זייער באמת הייליקן אָנדענק. איך האָב דאָ אין מיינע 33 יאָר נישט געטראָפן אַפילו איינעם וואָס זאָל פאַרמאָגן כאָטש אַ טייל פון זייערע מעלות... לדוגמא וועל איך דערמאַנען איינעם פון יענע טייערע יידן.

מיר האָבן פאַרמאָגט אין אונדזער מיט אַ יידן אַ לעדער־סוחר פון פראַנציש־קאַנער גאַס נומער צוועלף. דאָס איז געווען אַ באמת הייליקער ייד! זיין איידל־

קייט, זיין קענטעניש, זיינע שיעורים יעדן שבת פון 7 ביז 9 אַזייגער אין דער פרי פלעגן געהערט ווערן פון הונדערטער מיטגלידער, זיינע אָנווייזונגען זענען פאַר אונדז געווען אַ הייליקער געבאָט כאָטש אין אונדזערע רייען זענען געווען אויך יונגע מענטשן מיט סאָציאַליסטישע אָנשויאונגען ווי בונדאָווצעס, פּועלי ציוניסטן, „מרכז״־ניקעס פון קרולעווסקע מיט די שטייפע קעלנערלעך, צעבאַלעוועטע גאָלדענע יוגנט. פון דעסטוועגן איז דער רעספעקט געווען אַזוי גרויס אַז ווי ענג אָדער הייס ס׳איז געווען, האָט מען קיינעמס אָטעם נישט געהערט. ווען דער רבי האָט געענדיקט האָט געדויערט שיינע מינוטן ביז מ׳איז געקומען צו זיך. דערנאָך האָט מען זיך גע־שטעלט דאַוונען, אָבער עס איז נאָך געבליבן אַ גרויסער טייל פון די צוהערערס כאָטש עס האָט זיי געצויגן אין די לאַזשענקעס אָדער בעלוועדער און אין קראַשינס־קיס גאָרטן. נישט איינער האָט איבערגעלאָזט די טשעמנע אַלייע אָדער די „זשע־מיאַנסקע״ און געבליבן אין דער חברה, אַבי צו זיין צוזאַמען מיט דעם טייערן ייִד. ער, דער מדריך, איז אויך פאַרברענט געוואָרן פון היטלערס טמאים ימח שמם. עס טוט אַזוי וויי ווען מען דערמאָנט זיך דאָס אַלץ.

עס איז מיר שווער מער צו שרייבן וועגן יענע שיינע און דאָך אימעטיקע יאָרן!

מאַרק טורקאָוו / בוענאָס איירעס

# דערמאָנונגען פון מײַן וואַרשע

### 1.

## פאַרשפּרייטערס פון פּוילישער קולטור

פאַר דער מלחמה האָבן ייִדן אין וואַרשע באַטראָפן העכער אַ דריטל פון דער איינוווינערשאַפט. הגם די אַנטיסעמיטן איז דאָס געווען גרויס אין די אויגן, האָבן די ייִדן צוגעטראָגן צו וואַרשע אַן אייגנאַרטיקן קאָלאָריט.

עפּעס אַ קלייניקייט וואַרשעווער ייִדן.

צו וועלכן עפּיזאָד פון דער וואַרשעווער געשיכטע איר זאָלט זיך נישט צו־רירן, וועט איר זיך אָנטרעפן אויף ייִדן.

רעדט מען וועגן סוחרטום — זענען די ייִדן אין די פאָדערשטע רייען, נישט בלויז ווי הענדלערס מיט פאַרשיידענע סחורות, ווי אייגנטימער פון גרעסערע אָדער קלענערע געשעפטן, נייערט ווי בויערס פון דעם מסחר אין פּוילן. אויך אין האַנדווערק האָבן זיך ייִדן נישט געפונען אויפן לעצטן פּלאַץ און דאָס פּוילישע באַנק־וועזן האָבן איינגעפירט ייִדן, וועלכע האָבן אין אָנהייב פון דעם פאָריקן יאָר־הונדערט איינגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד קיין פּוילן, אָנהאַלטנדיק די באַנק־טראַ־דיציע ביז די לעצטע יאָרן, הגם די פּוילישע רעגירונג האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען זיי אַרויסצושטויסן פון אַלע שטחים.

אַזוי זענען ייִדן געווען שטאַרק פאַרטראָטן אין דעם ביכער־מסחר. יאָ, ייִדן אין לאַנגע קאַפּאָטעס מיט באָרד און פּיאות, וואָס פּלעגן שבת האַלטן געשלאָסן די בוכהאַנדלונגען און ערב יום־טוב פאָרן צום רבין — אָט זיי זענען געווען פאַר־שפּרייטערס פון דער פּוילישער נאַציאָנאַלער קולטור. ביי זיי האָט די פּוילישע יוגנט באַקומען די בעסטע ווערק פון דער פּוילישער ליטעראַטור און צו די ביליקסטע פּרייזן.

צוויי אַזעלכע צענטערס זענען געווען אין וואַרשע, וווּ חסידישע ייִדן האָבן פאַרשפּרייט די פּוילישע קולטור. אויפן קראַשינסקי־פּלאַץ, נעבן דעם גאָרטן פון די גראַפן קראַשינסקי און אויף דער גאַס פון הייליקן קרייץ (שוויענטאָקזשיסקאַ). דינאַסטיעס ייִדישע בוכהענדלערס זענען דורך די צוויי גאַסן דורכגעגאַנגען.

האָט מען זיך גענומען פריִער צום ערשטן צענטער אויפן פּלאַץ קראַשינסקי. מע האָט דעם לאַנגן ריזיקן בנין פול מיט ייִדישע בוכהאַנדלונגען פאַרוואַנדלט אין

דעם בנין פון װאַרשעװער אַפּעלאַציע־געריכט און די ייִדישע בוכהענדלערס געצװוּנגען פאַרלאָזן די ערטער, װאָס זײ האָבן געירשנט פון זײערע זײדעס און טאַטעס. די בוכהאַנדלונגען האָבן זיך צעשפּרײט איבער די זײטיקע גאַסן און אַ װיכטיקער קולטור־צענטער איז צעשװוּמען געװאָרן.

פונעם צװײטן צענטער, װאָס האָט זיך געצױגן לענגױס דער גרױסער גאַס פון הײליקן קרײץ, איז נישט געװען אַזױ לײכט צו פאַרטרײבן די ייִדן. האָט מע געפונען אַן אַנדער מיטל. סטודענטן און קינדער האָבן זיך בײם אָנהײב שול־יאָר אַװעקגעשטעלט אויף דער גאַס נעבן די ייִדישע בוכהאַנדלונגען און נישט אַרײנגעלאָזט אַהין קײן קונים.

— קױפט נישט בײ קײן ייִדן! מיר װעלן אײך פאַרקױפן ביליקער די ביכער...

די ייִדישע בוכהענדלערס האָבן געצאָלט שטײערן, די ייִדישע בוכהענדלערס האָבן אױסגעקױפט פּאַטענטן, אָבער זײערע בוכהאַנדלונגען זענען אָפט מאָל געװען פּוסט, װײל דער גאַנצער מסחר איז דורך קלײנע שקצימלעך געפירט געװאָרן אויף דער גאַס.

אויב די ייִדישע בוכהענדלערס האָבן געפּרוּװט פּראָטעסטירן, האָט מען זײ אױסגעהאַקט די שױבן און אָנגעבראָכן די בײנער. זײ האָבן געמוזט שװײגן און צוקוקן צום חורבן פון זײערע עקסיסטענצן.

דאָס הײסט, שװײגן האָט מע נישט געשװיגן אין גאַנצן. מע האָט געשריגן, מע האָט פּראָטעסטירט, אָבער געהאָלפן האָט עס װײניק. עס איז געװען אַ „הײליקער קאַמף“ פאַר דער „רײנקײט“ פון דער פּױלישער קולטור. ייִדן זאָלן מער נישט זײן קײן הענדלערס מיט פּױלישער קולטור און פּױלישער װיסנשאַפט.

די ייִדן זענען אָבער געװען נישט בלױז „די הענדלערס“ פון דער פּױלישער קולטור, נײערט אויך מיטשאַפערס, װאָס האָבן דערמעגלעכט, אַז די פּױלישע קולטור־װערק זאָלן דערזען די ליכטיקע שײן.

ייִדן זענען געװען די פאַרלעגערס, די איניציאַטאָרן פון פיל װיכטיקסטע פּױלישע װערק. מערזבאַך, דער װאַרשעװער ייִד, דער נאָענטער פרײנד פון באַרימטן פּױלישן היסטאָריקער יאָאַכים לעלעװעל; אָלגעבראַנד, דער אַרױסגעבער פון דער ערשטער פּױלישער אוניװערסאַלער ענציקלאָפּעדיע; מיכאַל אַרצט, דער מחבר פון דעם מאָנומענטאַלן װערטער־בוך פון דער פּױלישער שפּראַך, אַ ליבלינער ייִד, װאָס האָט געגרינדעט אײנעם פון די באַדײטנדסטע פּױלישע ביכער־פאַרלאַגן, אַ נעסט פון פּױלישן קאָנסערװאַטיזם א״אַ.

אָבער נאָך אײנער פאַרדינט דערמאָנט צו װערן. ער האָט געהערט שױן צו דער נײער גענעראַציע פּױלישע אַרױסגעבערס. ער האָט געהײסן יאַקוב מאָרטקאָװיטש, אַ שװאָגער פון דעם באַקאַנטן ציוניסטישן עסקן ד״ר זלמן ביכאָװסקי.

מאָרטקאָװיטש, אַ שטאַרק אַסימילירטער ייִד האָט געפילט אויף זיך, װי אַ שװערע לאַסט, דעם הױקער פון זײן ייִדישקײט. ער האָט געװאָלט זײן אַ פּאָליאַק, טאַקע אַ שטיקל פּױלישער אַריסטאָקראַט. ער האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ פּױלישן שײן־גײסט. זײן בוכהאַנדלונג האָט זיך שױן נישט געפונען אויף דער שװו׳

קזשיסקאַ, נייערט אויף אַ שענערער גאַס — אויף מאַזאָוויעצקאַ. מאַרטקאָוויטש האָט זיך אָבער נישט באַנוגנט מיטן ביכער־מסחר. ער איז אויך געוואָרן אַ פאַר־לעגער. און נאָך וואָס פאַר אַ פאַרלעגער! זיין גאַנץ פאַרמעגן, דעם נדן פון זיין ווייב און דעם נדן פון זיין טאָכטער, האָט ער אַריינגעלייגט אין פאַרשפּרייטן פּוי־לישע ליטעראַטור.

זיינע אויסגאַבעס האָבן געהערט צו די שענסטע אויפן פוילישן ביכער־מאַרק.

ער איז געווען זייער איבערקלייבעריש ביים אַרויסגעבן ווערק. נאָר פון ערשטקלאַסיקע שרייבערס. ער איז געווען דער פאַרלעגער פון סטעפאַן זשעראָמסקי, אַנדזשיי סטרוג און פיל אַנדערע. ער האָט זיך באַטראַכט פאַר זשעראָמסקיס נאָ־ענטסטן פריינד. דעם באַרימטן פוילישן שרייבער האָט ער געשענקט צו זיין 50סטן געבורטס־טאָג אַ ווילע אין קאָנסטאַנצין, ביי וואַרשע.

מאַרטקאָוויטש האָט אויך אַרויסגעגעבן ווערק פון יונגע פוילישע דיכטערס, וואָס קיין שום פוילישער פאַרלעגער האָט עס נישט געוואַגט צו טאָן. ווייל פּאָעזיע געהערט נישט צו די גאַנגבאַרע אַרטיקלען. מע קען זאָגן, אַז ער האָט באַרימט געמאַכט די יונגע פוילישע דיכטונג און זי פאַרשפּרייט אין פיל טויזנטער עק־זעמפּלאַרן. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן וווּנדערשיינע קונסט־מאָנאָגראַפיעס און וויסנשאַפטלעכע ווערק, דערין דאָס אַנטיסעמיטישע ווערק פון דעם פוילישן פּראָ־פעסאָר טאַדעוש זיעלינסקי וועגן „יהדות און העלעניזם", וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע פּאָלעמיק אין דער פויליש־יידישער עפנטלעכקייט.

זיעלינסקי ווייזט־אָן, אַז דאָס קריסטנטום שטאַמט נישט אָפּ פון יידנטום, נאָר פון די גריכן, וועמענס קולטור איז געווען אַ שטאַרקערע פון דער יידישער קולטור. דאָס יידנטום האָט זיך אין דער עפּאָכע פון קריסטוס־געבורט געפונען אונטער דער גריכישער השפעה. דאָס איז שוין נישט דער ערשטער אַרויסטריט צו באַווייזן, אַז קריסטוס, וועלכער גייט אָן פאַר אַ בלאָנדן, האָט גאָר געשטאַמט פון גריכן און נישט פון יידן, זיין משפחה איז נאָר פאַרוואָגלט געוואָרן קיין ארץ־ישראל בעת די רוימישע דעראָבערונגס־מאַרשן.

מ'האָט שטאַרק פאַראיבל געהאַט אויף מאָטקאָוויטשן, הלמאי ער איז געוואָרן דער אַרויסגעבער פון דעם דאָזיקן ווערק, אָבער ס'קאָמישע אַסימילירטע יידל מיטן שניט פון אַ פוילישן פּריץ, האָט גאָר שטאָלצירט מיט זיין אויפטו.

נאָר קיין יידישע ווערק האָט ער נישט געוואָלט אַרויסגעבן. ער האָט יאָ אַרויסגעגעבן ביכער פון יידן, וואָס זענען געווען פוילישע שרייבערס, ווי יוליאַן טווּוים, יוזעף וויטלין און אייניקע וויסנשאַפטלעכע ווערק איבער פּרוידיזם פון זיין פּלימעניק ד"ר גוסטאַוו ביכאָווסקי. אָבער פון אַ „זשאַרגאָן"־שרייבער — דאָס נישט.

אַפילו שלום אַש איז אים נישט אָנגעשטאַנען. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס איינשטעלן זיך פון אַזאַ אויטאָריטעט ווי סטעפאַן זשעראָמסקי, וועלכער האָט אויסגעדריקט זיין גרייטקייט אָנצושרייבן אַן איינלייטונג צו שלום אַשס ווערק אין פויליש.

וואָס עס איז געווען מאַרטקאָוויטשעס סוף, ווילט איר וויסן?

זײַנע געשעפֿטן האָבן אָנגעהױבן גײן שלעכט. ער האָט פֿאַרגעסן חשבון און פֿאַרטאַכליעװעט אַ פֿאַרמעגן. האָט ער נאָר אױפֿגעהערט שטיצן פּױלישע שרײַבערס, איז ער געװאָרן אױס פּריץ, גײערט אַ קלײן קאָמיש ייִדל.

האָט אײנער אַ פּױלישער דיכטער, דאָס אײניקל פֿון ר׳ חיים־זעליג סלאָנימסקי, אַנטאָני סלאָנימסקי, אָנגעשריבן אַ קאָמעדיע א״נ „דער װאַרשעװער ציגײנער“, װאָס שטעלט פֿאָר אין אַ קאַריקאַטור־פֿאָרעם דעם פּױלישן פֿאַרלעגער יאַקוב מאָרטקאָװיטש. די קאָמעדיע איז געװען אַ שװאַכע, אָבער פֿון דעם העלד אין דער קאָמעדיע, װאָס װיל װערן אַ פּױלישער פּריץ און חתונה־מאַכן זײַן אײנציקע טאָכטער דװקא מיט אַ פּױלישן כראַביע, האָט די גאַנצע שטאָט געלאַכט!

מאָטקאָװיטש האָט זיך גענומען שטאַרק צום האַרצן, װאָס זײַנע אױפֿטוען פֿאַר דער פּױלישער קולטור האָבן פֿאַרדינט אַזאַ חוזק, און היות זײַן פֿינאַנסיעלע לאַגע איז אױך געװען אַ שװערע, האָט ער אַ סוף געמאַכט צו זײַן לעבן מיט אײן רעװאָלװער־שאָס.

דער ציגײנער האָט דאָס זײַניקע געטאָן, דער ציגײנער האָט שױן געקענט גײן.

געלעבט האָט ער װי אַ גױ, װאָס האָט פֿון זײַן אײגענעם אָפּשטאַם גאָר נישט געװאָלט װיסן, אָבער מקבר געװען האָט מען אים לױטן ייִדישן דין אױפֿן װאַרשעװער ייִדישן בית־עולם.

.2

## מענטשן און צײַטן

אַ סך װאַרשעװער גאַסן זענען שױן באַזונגען געװאָרן פֿון ייִדישע דיכטערס און באַשריבן פֿון ייִדישע פּראָזאַיִקערס.

מיר דאַכט זיך, אַז אונדזער גרױסער דיכטער זלמן שניאור, דװקא נישט קײן פּױלישער, אָבער מיט טױזנטער פֿעדעם פֿאַרבונדן מיטן װאַרשעװער ייִדישן לעבן, איז דער ערשטער, װאָס האָט אױפֿגעשטעלט אַ מאָנומענט די נאַלעװקעס. עס איז זײַן ראָמאַן „צוזאַמענברוך“.

דער העלד פֿון ז. שניאורס ראָמאַן ר׳ יעקב שאַץ איז נישט קײן אױסגעטראַכטע פּערזאָן און דאָס גרױסע געשעפֿט פֿון שוסטער־צודאַטן אױף נאַלעװקי איז געװען אַ װירקלעכקײט, װאָס האָט אין װאַרשעװער ייִדישן מסחר געשפּילט אַ גרױסע ראָלע.

װער געדענקט עס נישט דעם גרױסן, לאַנגן שילד אױף די מױערן פֿון דעם ברײטן הױז אױף נאַלעװקי 30, פֿון װאַנען עס האָט מיט פֿעטע אותיות אַראָפּגעגלאַנצט דער נאָמען „דן לאַנדאַו“, דער אײגנטימער פֿון דעם געשעפֿט, װעמענס אינטערעסאַנטע געשטאַלט ז. שניאור שילדערט אין דער פּערזאָן פֿון ר׳ יעקב שאַץ.

ער איז געװען דער מאַגנאַט פֿון די נאַלעװקעס און מיר געדענקען אױך װי דאָס גרױסע, ממש ריזיקע געשעפֿט פֿון דן לאַנדאַו איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן כסדר פֿאַרקלענערט געװאָרן, באַקומען שכנים, און דאָס אָרט פֿון אײן גרױס גע־

שעפט האָבן פאַרנומען עטלעכע קליינע געוועלבער, אָפּגעטיילט מיט הילצערנע ווענטלעך איינס פון אַנדערן. אין דער היגזיכט איז דן לאַנדאָוס געשעפט נישט געווען קיין אויסנעם. אויך פיל קלענערע געשעפטן אויף די נאַלעווקעס, וואָס האָבן נישט פאַרנומען די פּאָזיציע ווי דן לאַנדאָו, האָבן אונטערן דרוק פון די שווערע שטייערן און עקאָנאָמישן קריזיס, געמוזט אַריינגעמען צו זיך אין די געוועלבער שכנים. עס האָט אַפילו געטראָפן, אַז אין איין געוועלב האָבן זיך געפונען מער שכנים ווי סחורה אויף די פּאָליצעס.

אַזוי ווי אויף די נאַלעווקעס גופא, אַזוי איז אויך געווען אין אַנדערע גאַסן פון דער ייִדישער געגנט, ווו דער ייִדישער מסחר האָט געהאַט זיינע גוטע און שלעכטע צייטן, אויפשטייגן און ירידות.

ס׳רוב גאַסן זענען געווען אַזוי־גערופענע בראַנזשע־גאַסן.

אויף די נאַלעווקעס גופא האָבן דעם אויבן אָן פאַרנומען אַלערליי גאַלאַנטעריע־אַרטיקלען. די גענשע־גאַס איז געווען באַהערשט פון מאַנופאַקטור־געשעפטן, פראַנציסקאַנער פון לעדער־געשעפטן, שוויענטאָ־יערסקאַ פון פרויען־הוטן און פאַרטיקע פרויען־קליידער, די וואָלאָווע־גאַס (אַזוי־גערופענע וואָלווקע) מיט אַלטוואַרג, נאָוואָוויניאַרסקע מיט פעלץ־געשעפטן, פלאַץ־קראַשינסקי מיט בוכהאַנדלונגען, דער גזשיבאָוו מיט אייזנוואַרג, אויף ביעלאַנסקע — די גרענעץ צווישן די נאַלעווקעס און דעם געמישטן פויליש־ייִדישן געגנט — מיט גרויסע ייִדישע געשעפטן פון פיינע זיידנס. דאָס איז שוין געווען די סוחרישע אַריסטאָקראַטיע. די דאָזיקע סוחרים האָבן שוין גערעדט מיט אַ הויך־פאַרצויגענעם פויליש (מיט אַ סך גרייזן) און האָבן געלייענט צייטונגען אין דער פוילישער שפראַך. דאָך עפּעס זייד־סוחרים און צו זיי פלעגן קומען די עלעגאַנטסטע דאַמען, פון דער אייבערשטער און פון דער אונטער־וועלט...

צווישן ביעלאַנסקע און נאַלעווקעס איז געווען בלויז איין שפּאַן, אַריבערצוגיין בלויז די גאַס, אָבער די זייד־סוחרים פון ביעלאַנסקע האָבן זיך געמאַכט וויכטיק, ווי זיי וואָלטן געהערט צו אַן אַנדער, העכערער סוחרישער ראַסע.

די גרענעץ צווישן ביעלאַנסקע און נאַלעווקעס, איז נישט בלויז געווען די גרויע תפיסה־מויער. קעגנאיבער אָט דער מויער האָט זיך געפונען דער גראַנדיעזער בנין פון סימאָנס פּאַסאַזש, ווו עס האָבן זיך געפונען עטלעכע הונדערט גרויסע און קליינע געשעפטן, ס׳רוב ייִדישע, פאַרשיידענע מלוכה־אַמטן אד״ג.

אין ייִדישן פּאָליטישן און קולטור־לעבן האָט דער דאָזיקער גראַנדיעזער בנין געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע. דער אַדרעס פון סימאָנס פּאַסאַזש — אָדער ריכטיקער געזאָגט נאַלעווקעס 2, איז געווען פּאָפּולער נישט בלויז אין גאַנץ פּוילן. עס איז אויך געווען אַ וויכטיקער אַדרעס פאַר די ייִדן אין דער גאָרער וועלט.

מיט אַן ערך 50 יאָר צוריק איז דאָ געגרינדעט געוואָרן די ערשטע ייִדישע מיטלשול. אַ גימנאַזיע פאַר ייִנגלעך, שפּעטער אויך פאַר מיידלעך. געגרינדעט האָט זי און אָנגעפירט אין משך פון לאַנגע יאָרן דער באַקאַנטער פּעדאַגאָג מאַגנוס קרינסקי, איינער פון די גרינדער פון דער טאָג־צייטונג „מאָמענט“.

די ייִדישע גימנאַזיע האָט אַרויסגערופֿן אַ גרויסן ענטוזיאַזם בײַ הונדערטער ייִדישע עלטערן, װעלכע האָבן געװאָלט באַפֿרײַען זײערע קינדער פֿון דעם אַנטי־סעמיטישן גײַסט װאָס האָט געהערשט אין די רוסישע און פּױלישע מיטלשולן און דערבײַ זײ געבן אַ ייִדישע דערציִונג.

אין דעם זעלבן סימאָנס פּאַסאַזש איז געװען אַ בעל־הבתישע שול מיטן נאָמען „סיני״, אַ צענטער פֿון ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע נאָך אין די אַמאָליקע צײַטן.

דאָ האָט זיך אין משך פֿון לאַנגע יאָרן קאָנצענטרירט די ציוניסטישע באַװעגונג פֿון פּױלן, דאָ איז געװען דאָס זיץ־אָרט פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פֿונעם צײַטװײַליקן ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט, װאָס איז װידער געװען דער צענטער פֿון דער ייִדישער פּאַרלאַמענטאַרישער פּאָליטיק און פֿון ייִדישע צרות. מע פֿלעגט דאָ פּאַרפּראָטאָקאָלירן יעדע עװלה, װאָס װערט באַגאַנגען מצד די פּױלישע מאַכט־אָרגאַנען לגבי דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. פֿון די דאָזיקע פּראָטאָקאָלן זענען מיט דער צײַט אױסגעװאָקסן אײניקע װערטפֿולע בענד מאַטעריאַלן צו דער לאַגע פֿון ייִדן אין פּױלן.

אָבער נישט בלױז די ציוניסטן האָבן געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אין דעם דאָזיקן הױז. אױך פּאָלקיסטן האָבן געהאַט דאָ זײער פֿעסטונג: דער האַנטװערקער־פֿאַרבאַנד אונטער דער אָנפֿירונג פֿון חיים ראַסנער, דעם פֿירער פֿון ייִדישן האַנטװערקערטום אין פּױלן. אױך דער „בונד״ האָט געהאַט אין דעם דאָזיקן בנין אַ טײל פֿון זײַנע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראײנען, דער נאַציאָנאַלער ייִדישער ספּאָרט־קלוב „מכבי״ האָט דאָ געהאַט זײַן רעזידענץ.

דאָ, אין סימאָנס פּאַסאַזש, צװישן די פֿול־געפּאַקטע געשעפֿטן מיט סחורות, פֿאַרשײדענע ביוראָס און אינסטיטוציעס, האָט זיך אױך געפֿונען אין פֿאַרשײדענע פּעריאָדן דער פֿאַרלאַג „קולטור־ליגע״, װאָס מיט אים האָבן נאָך אָנגעפֿירט נחמן מײזעל און זעליג מלמד, דאָ האָבן אָנגעהױבן צו דערשײנען די „ליטעראַרישע בלעטער״, דאָ איז געװען דער קלעצקין־פֿאַרלאַג און דער גרױסער ביכער־לאַגער פֿון „קולט־בוך״.

װיפֿל ייִדישע בריװ װעגן ייִדישע ליטעראַטור־ענינים פֿלעגן אָנקומען אױף דעם אַדרעס פֿון נאַלעװקי 2?

דאָ האָט אױך דער באַקאַנטער לעמבערגער דרוקערײַ־אײגנטימער און שפּעטערדיקער דעפּוטאַט, איגנאַצי יעגער, אָנגעהױבן אַרױסצוגעבן אונטער דער רעדאַקציע פֿון באַרימטן גאַליציאַנער ייִדישן פֿירער, דעפּוטאַט ד״ר לעאָן רײַך, אַ פּױליש־ייִדישע צײַטונג „דזשענניק װאַרשאַװסקי״, װאָס האָט אָבער קײן לאַנגן קיום נישט געהאַט.

סימאָנס פּאַסאַזש איז אַ שטיק געשיכטע פֿון פּױלישן ייִדנטום.

אין אינעװײניקסטן טײל פֿון בנין האָט זיך געפֿונען אַ גרױסער פּלאַץ, װוּ קינדער פֿלעגן זיך שפּילן און װאָס האָט פֿון דער צװײטער זײַט זיך געגרענעצט מיטן קראַשינסקיס גאָרטן. דאָרט האָט מען געפּלאַנט אױפֿצובױען אַ ייִדיש־געזעלשאַפֿטלעכן טעאַטער. אָבער די טעאַטער־טוערס האָבן אַזױ לאַנג געטראַכט און

ספעקולירט ביז די שטאָט־פּאַרוואַלטונג האָט אויף דעם פּלאַץ אויסגעבויט אַ פּאָלקסשול.

אין דער נאַלעווקער געגנט זענען געווען אַ סך הייזער וואָס האָבן געהאַט אַ געוואַלדיקע פּאָפּולאַריטעט צוליב זייער ריזיקן פּאַרנעם און פּולסירנדיקן מסחר.

ווער געדענקט עס נישט יואל וועגערייסטערס הויז אָדער גאָר קרולס הויז אויף נאַלעווקי 39, ווו עס האָט זיך געפונען די ליטווישע חברה ש״ס.

אָט אין דער דאָזיקער שול פון דער חברה „שפה ברורה" האָט געהאַלטן זיין ערשטע פאָרלעזונג אין וואַרשע, אַ 30־יעריקער יונגער מאַן פון זאַמאָשטש, וואָס האָט געשריבן העברעיִשע שירים און יידישע מעשיות. דער דאָזיקער יונגער מאַן, וואָס האָט גערעדט אויף העברעיִש וועגן דער השכלה־באַוועגונג האָט געהייסן י. ל. פּרץ. אין זיינע זכרונות וועגן פּרצן שילדערט ד״ר גרשון לעווין דעם איינדרוק פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ, וועלכע ער אַליין, אַ יונגער סטודענט, איז בייגעווען.

און ווער געדענקט עס נישט דעם ריזיקן הייזער־בלאָק אויף נאַלעווקי־געגנשע, וואָס איז באמת געווען אַ גאַנצע שטאָט פאַר זיך און ווו מע האָט געקענט פאַרלירן גיין ווי אין אַ לאַבירינט פון גאַסן און דורכגענג.

יעדעס הויז — אַ וועלט אַ באַזונדערע, מיט באַזונדערע עפּיזאָדן און פאַקטן.

אין די צייטן פון די שטאַרקע אַנטי־יידישע עקסצעסן און אָנפאַלן אויף יידן, איז די כוליגאַנישע שליטה קיין מאָל נישט געגאַנגען ווייטער ווי ביז דעם דאָזיקן גרענעץ־פּונקט. אויף נאַלעווקיס האָט קיין איין כוליגאַן ניט דערוועגט זיך צו קומען. אויף נאַלעווקיס האָט נישט געקענט טרעפן אַז מ׳זאָל שלאָגן יידן (אויב יידן האָבן זיך אַליין צווישן זיך נישט געשלאָגן) אָדער מע זאָל אויסהאַקן שויבן אין יידישע קראָמען. אויף די נאַלעווקעס האָבן כוליגאַנעס בלויז געקענט כאַפּן אָנגעבראָכן די ביינער.

*

די נאַלעווקעס זענען נישט בלויז געווען אַ טעמע פאַר דער יידישער ליטע־ראַטור, זיי זענען געווען אַ גוטע טעמע אויך פאַר דער פּובליציסטיק. די פּוילישע פּובליציסטיק האָט זיך מיט די נאַלעווקעס באַשעפטיקט מער ווי די יידישע. און וואָס מער אַנטיסעמיטיש די צייטונג איז געווען, אַלץ מער האָט מען געשריבן וועגן די נאַלעווקעס. אַפילו דער באַרימטער פּוילישער שרייבער סטעפאַן זשע־ראָמסקי האָט אין זיין סאָציאַלן ראָמאַן „ערב־פרילינג" געשילדערט אַזוי נעגאַטיוו די נאַלעווקעס, אַז עס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע פּאָלעמיק אין דער יידישער פּרעסע. און הגם זשעראָמסקי איז נישט געווען קיין אַנטיסעמיט, האָט מען דאָך איינגעזען אַנטיסעמיטישע טענדענצן אין זיין שילדערונג פון די נאַלעווקעס. ער רעדט דאָרט וועגן דער אָרעמקייט אויף די נאַלעווקעס, וועגן דער ענגשאַפט און אומהיגיענישע באַדינגונגען אין וועלכע די נאַלעווקער יידן לעבן, ער האָט עס אָבער געזען זייער איינזייטיק און נישט געפּרוווט אויפקלערן די סיבות דערפון.

„נאַלעװוקער ייִד״, „נאַלעװוקער סוחר״ — איז בכלל געװאָרן אַ מין זידל־װאָרט. נישט דװקא צװישן פּאָליאַקן. אַפילו צװישן ייִדן גופא.

— כ׳בעט דיך, זײ נישט קײן נאַלעװוקער סוחר! מע קען שױן דאַן נאַלעװו־קאָװסקע ערן־װאָרט! — פלעגן ייִדן זיך אַרײנזאָגן אײנער דעם אַנדערן.

װאָס דאַרף מען מער? אַפילו אויף אײנעם פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן איז געקומען צו אַ גרויסן סקאַנדאַל צוליב די נאַלעװוקעס.

דאָס איז געװען נאָכן דורכפאַל פון דער פערטער עליה. דאַן, װען קײן ארץ־ישראל האָבן זיך געלאָזט אַ סך ייִדישע סוחרים און הענדלער, װעלכע זענען אַװעק פון פּױלן צוליב די שװערע שטײער־לאַסטן און אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק.

דאָס איז געװען אין די צײטן פון דער טרויעריק־באַרימטער „גראַבסקי־עגלה״, װען באַאַמטע פון שטײערן־אַמט פלעגן קומען מיט װעגענער צו ייִדישע סוחרים און בײ זײ צונעמען דאָס גאַנצע ביסל סחורה. װאָס זאָג איך — צו סוחרים... מען פלעגט קומען אין אָרעמע האַנטװערקער־װאַרשטאַטן און סתם װױנונגען און צונעמען דאָס לעצטע ביסל אָרעמקײט פאַר נישט־באַצאָלטע שטײערן.

האָבן זיך ייִדן פון מיטלשטאַנד אַ לאָז־געטאָן קײן ארץ־ישראל. אָבער זײ זענען נישט פסיכיק און נישט פּראָפעסיאָנעל צוגעגרײט צום נײעם לעבן, האָבן זײ גורם געװען צום דורכפאַל פון דער דאָזיקער עליה. איז חיים װײצמאַן אַרױס מיט זײן באַרימט־געװאָרענער פראַזע: „מיר װילן נישט קײן נאַלעװוקעס אין ארץ־ישראל״.

דער דאָזיקער אַרױסטריט פון חיים װײצמאַנען האָט אַרױסגערופן אַ שטורעם מצד די אַלגעמײנע ציוניסטן אין פּױלן, די פאָרשטײערס פון גרעדאַנק װעגן דער עליה פון מיטלשטאַנד. האָט טאַקע די אַנטיסעמיטישע פּרעסע אין פּױלן אונטער־געכאַפּט די דאָזיקע לאָזונג, אַז מע װיל נישט קײן נאַלעװוקעס.

— אױב די ייִדן װילן נישט קײן נאַלעװוקעס אין ארץ־ישראל, טאָ פאַר װאָס־זשע צװינגט מען אונדז צו טאָלערירן די נאַלעװוקעס אין דער פּױלישער הױפּט־שטאָט . . .

אין װאָס איז באַשטאַנען דער באַגריף  נ אַ ל ע װ ו ק ע ס ?

לענגויס די טראָטואַרן, קאָנצענטרירט אין געװיסע פּונקטן, האָבן אַרומ־שפּאַצירט ייִדן פון פאַרשײדענעם עלטער, עלטערע און יונגע, אין לאַנגע קאַפּאָטעס און אײראָפּעיִש געקלײדט, געדרײט מיט די שטעקעלעך אין דער לופטן און געפירט דעם נישט־לעגאַלן װאַליוטע־האַנדל.

— װאַלוטע, װאַלוטע, מען קױפט מען פאַרקױפט. מען צאָלט די בעסטע פּרײזן, מען פאַרקױפט צו די ביליקסטע...

בײ זיך האָט מען קײן װאַליוטע נישט געהאַט, נאָר ערגעץ־װוּ אין אַ הױז, אין אַ געװעלב, אין אַ װינקל איז געשטאַנען דער שותף מיט דער סחורה.

יעדע װאַליוטע האָט געהאַט איר ספּעציפישן נאָמען.

פּאָליצײ פלעגט אָפּט איבערפאַלן די נאַלעװוקעס, אַרעסטירן די ייִדן, קאָנ־פיסקירן זײער ביסל װאַליוטע און נאָך פאַרפירן אַ פּראָצעס אױך.

אַז נישט בלויז ייִדן האָבן געפירט דעם דאָזיקן מסחר — דאַרף מען נישט זאָגן. אָבער דעם טומל האָט מען נישט געמאַכט אַרום די הויכע מלוכה־באַאַמטע וואָס האָבן אָפּגעטאָן אַלע שווינדלערישע שטיק אַלס כלומרשטע פאַרטיידיקער פון געזעץ. דעם טומל האָט מען געמאַכט אַרום די אָרעמע ייִדן, וואָס פלעגן מאַכן אַ לעבן פון דער טראַנזאַקציע פון 5 אָדער 10 דאָלער. מען האָט פאַרקויפט דעם זעלבן באַנקנאָט אַהין און צוריק, אַבי צו פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן אויף צום לעבן.

דער דאָזיקער מסחר האָט אונדז קיין כבוד נישט פאַרשאַפט און מען האָט אים אַבסאָלוט נישט פאַרטיידיקט. אָבער די מענטשן פון די נאַלעווקעס האָט מען געמוזט פאַרטיידיקן, ווייל זיי זענען געווען נישט מער ווי קרבנות פון דער אַנטי־סעמיטישער אויסראָטונגס־פּאָליטיק, וואָס האָט רויִנירט ייִדישע סוחרים און זיי גע־צווונגען זיך צו נעמען צום וואַליוטע־מסחר.

און אויסער זיי — איז נאַלעווקעס נאָך געווען אַ ריזיקער ייִדישער ווירט־שאַפטלעכער און נאַציאָנאַלער צענטער, אַ צענטער פון ערלעכן מסחר, ווו טויזנ־טער ייִדן האָבן מיט שווערער פּראַצע אויסגעאַרבעט זייער שטיקל ברויט.

ס׳איז געווען אַ גרויסער אָפּזאַץ־מאַרק פון דער אינדוסטריע אין פּוילן. נאַ־לעווקער סחורות זענען צעשפּרייט געוואָרן נישט בלויז איבערן גאַנצן לאַנד, נאָר זיי זענען אויך פאַרקויפט געוואָרן קיין אויסלאַנד.

נאַלעווקעס זענען אין משך פון העכער 50 יאָר געווען אַ סימבאָל פון שווע־רער אַרבעט. עס האָט געהאַט חסרונות, דערפאַר טאָר מען אָבער נישט פאַרשווייגן די גרויסע מעלות און אַקטיוויטעט פון ייִדישן לעבן אין נאַלעווקער געגנט.

הײַנט — ווען די נאַלעווקעס געפינען זיך אין חורבות, דערמאָנען מיר עס מיט באַזונדערער ליבע און סענטימענט.

עס איז דאָך אונדזער אייגענע היים.

פ. בימקאָ / ניו־יאָרק

# מײַנע שאָנקייטן, מײַן צער

וואַרשע פאַרטאָג.

גראָע, צעדריוולטע שטיקער פון וועבענע לײוונטן גייען דאָ העכער, דאָ נידע־ריקער, איבער די הייזער פון איינגעשלאָפענע גאַסן אין יידישן וואַרשע. באַלד וועט זי אויפמאַכן די אויגן, זיך אָפּדעקן ס׳פּנים, וואָס איז נאָך שעמעוודיק פאַרשלאָפן, און ס׳וועלן זיך צעבליִען אירע באַקן. די גאַנצע דרימלדיקע און פאַרחלומטע שטיל־קייט וועט אויפרייסן אויף דער זון, מיט אַ געקלימפּערײ ווי אויף גאָלדענע טאַצן. ס׳שפּרייט זיך אַ געהירזשעריי פון צעיושעטע פערד, וואָס מ׳זוכט צו צוימען מיט לייצן און הוילנדיקע בײטשן, ווייל דער שלאָף קען נישט אַזוי גרינג אַרויס ביי זיי פון די פיס; עס נעמען זיך מיט אַ מאָל עפענען טירן. טירן פון יידישע שטיבן; עס צערוקן זיך פאָרהאַנגען איבער פענצטער, ווו דאָס שטילע וואַרשע פון אינעווייניק וויל ווערן איינס מיט דער דרויסנדיקער צעשריגעניש, וואָס טרייבערט די גדערעם פון דער שטאָט אויפן ניכטערן מאָרגן.

*

איך שטיי, כ׳שפּאַר זיך אָן מיטן רוקן אין אַ וואַנט פון אַ הויז און קוק אויף די נאַלעווקעס. ווו מ׳קערט זיך זענען די גאַסן און געסלעך אָנגעפּראָפּט מיט יידן ווי די פעסער מיט הערינג. דאָ הייבט זיך אַ לעבעדיקע מאַסע פון יידן און ווייבער, זי הייבט זיך אין צעפליקטן גראָען פאַרטאָג, און דאָך שטייט זי ווי אויף אַן אָרט. עס זעצן פון איר אַרויס פלאַמען, פלאַמען און רויך, ווי פון אַן אייביק אומגעשטילטן פייער, דער אַלטער יידישער פלאַם! עס שרייען זייערע בערד, פאַרריסענע, פאַר־קאָלטנטע ווי געדיכטע שטיקער וואַלד, ווען אַ רעגן טאָרעט זיי ביי די קעפּ; און אויך לייטיש פאַרקעמטע בערד, זיידענע, קענטיקט זיך אין דעם פאַרטאָגן־גראָ, בערד אין וועלכע מ׳קען אָנציילן אַ האָר ביי אַ האָר. עס וואַרפן זיך שייטלען ביי די ווייבער אויף די קעפּ, זיי הייבן זיך — געלע, שוואַרצע, ברוינע און נאָך, נאָך אַזוינע... ווייבער, ביי וועלכע ס׳יערט דער שמאָדער אין די פאַלדן פון זייערע קליי־דער ווי דאָס זויערטייג ביים בעקער אין דער בייט. ווייבער, וואָס פאַרקערן מיט זייערע שלימפּערס ווי מיט בעזעמער די גאַסן. די טייערע אַלטע יידישע שלימפּערס! די פיס זייערע — מיט אויסגעקאָשליעוועטע צעדרייטע שיך, אין וועלכע זיי ברעכן זיך איבער, און פיס געטאָקטע, אין שיכעלעך אויף הויכע אָפּצאַסן, פיסלעך נאָר אויסצוקושן. דאָ הייבט דער ווינט קאַפּאָטעס אין דער לופטן, קאַפּאָטעס אויף מאָ־גערע, דינע יידן ווי די לולבים, און קאַפּאָטעס ווי צוגעקלעפּטע צו ברייט־לייביקע

גופים, פון הינטער וועלכע עס שפּאַרן זיך בייכער גאווהדיק. דאָ קען מען הערן ס׳קוויטשען פון פאַרשייטע און אָפּגעריסענע ייִנגלעך, שלמהלעך, משהלעך, זייערע שפּיציקע קולעכלעך פון די הייף, פון די אַלטע ייִדישע וואַרשעווער הייף! און מ׳זעט קאַליקעס, געלע, האָרבאַטע בעטלערס מיט פאַרבעלמעטע אויגן, די וואָס פויקן אויף מעשענע מאַצן צום טאַקט, צו זייערע וויינענדיקע מזמורים: „הערט מיך אויס, מיינע לי—בע מענט—שן!" דאָ הערט מען „דאָס מ אָ ל ן" פון די דאַווענערס אין די מנינים, בתי־מדרשים. זיי צעמאָלן די ווערטער מיט די ציין, ווי זשאַרנעס אונטער מילשטיינער. אָט גייען פאַרקנייטשטע, פאַרדבקהטע בחורימלעך ווי די גרינע ערבות ביים וואַסער — מיט דינע טריטעלעך גייען זיי אויסגעטאָן פון אַלעם, גייען מיט יראה אויף די בלייכע באַקן, און מיט אַזוי פיל תורה אין די אויגן, — גרויסע, שוואַרצע, ייִדישע אויגן! פאַר זיי זיצן דאָ און אַרום אויף די ראָגן פון די געסלעך זייערע פאַרחושכטע מאַמעס ביי הויכע קאָשיקעס בייגל און רייסן זיך אויס די העלדזער, שרייענדיק: „דריי פאַר אַ פינפערל!" דאָ שטייען טרעגערס אויף די ראָגן, אַרומגעגאַרטלט מיט שטריק, — יענע וואַרשעווער טרעגערס, וואָס ציטערן־אויף ביים מינדסטן קוויטש פון אַ ווייבל, וואָס ווערט באַפאַלן ערגעץ אין אַ הינטער־געסל, צי עפּעס פון אַ ייִדן, — זיי זענען די ערשטע זיך צו גיין מוסר־נפש זיין פאַר זיי; די טרעגערס שטייען גרייט פאַר די אָפענע קראָמען, ווי די שומרים, און זוכן אַרויפצוכאַפּן אַ קאַסטן סחורה אויף די פלייצעס ווי דער אָקס אויף זיינע הערנער. זיי לאַכן גראָב צו די פאַרבייגייענדיקע פרומע ווייבלעך: „פאַרדעק דיר אַ ביסל מער די יאַקע, מ׳זאָל נישט אַרויסזען די חרפּה". דאָ זיצן ייִדישע דראָשקאַרעס אויף די קאָזלעס, מיט ווייסע און מעש־געלע בלעכן אויף די היטלען, זענען פאַרטיפט אין אַ ייִדיש בלאַט. זיי באַלעקן זיך מיטן באַשריבענעם, און מיט יענע וואָס האָבן דאָס געשריבן: „אַזוינע ממזרישע קעפּ, אַז דער רוח זאָל זיי נעמען!" דאָ שרייט דאָס ייִדישע וואַרשע, דאָ לאַכט דאָס ייִדישע וואַרשע, דאָ וויינט דאָס ייִדישע וואַרשע. אַלץ אינאיינעם און אויף אַ מאָל, און מ׳קען נישט צענעמען איינס פונעם אַנדערן.

און וואָס מ׳זאָל דאָ נישט אָנכאַפּן, איז עס איינס, ייִדישס: אַ שמחה — נישט דיינע, ביסטו אַ מחותן אויף איר; עפּעס אַ שמויגער קלעפּט זיך צו צו דיר — איז ער דייך שמויגער און מוזסט מיטלאַכן מיט אים, אַפילו מיט טרערן; אַ לויה גייט פאַרביי — מוזסטו אַראָפּלאָזן ב׳קאָפּ, פאַרלירן אַ טרער. ווער איז דער בר־מינן? וועלכע ייִדישע שטוב איז נאָך אים געוואָרן ליידיק? ס׳איז געבליבן נאָך אים אַ געזונד זאַלבע אַכט? ער גייט דיך אָן אַזוי פיל ווי יענעמס שמחה, יענעמס ברית, יענעמס חתונה. אַ ייִד איז געשטאָרבן? אַ ייִדיש קינד געוואָרן אַריינגעבערענגט לבריתו של אַברהם אָבינו? מ׳האָט ביי אַ כלה צעפלאָכטן די צעפּ? אָ, ייִדישע מאַמע! אייביקע ייִדישע מאַמע, ווי האָסטו געקענט צוזען ווען מ׳האָט ביי דיר צוגענומען דיינע עופעלעך צו דער שחיטה? (ווער זאָגט עס אַז זי האָט געקענט?) אָ, גוטער, פאַרדאגהטער ייִדישער טאַטע, וואָס דער עול פּרנסה בייגט אים אַראָפּ צו דער ערד, ס׳ברויך זיך קיינער נישט אָנקערן מיט דיר, — דאָס אַלץ איז ווי אַ שטיק פון דיר, עס קומט פון דיינע געדערעם.

בער י. ראָזען /מעלבורן

# זיי האָבן אונדז באַשיינט

## ר׳ הלל ציטלין



... מאָלט איך: אַ ייִד מיט אַ רויטלעכער, צעפּאַטלטער באָרד און אַ קאָפּ האָר, צעקעמט פון ווינט, — אויפגעשויבערט אַזוי ווי יעדע פון די האָר וואָלט זיך געריסן ערגעץ אַרויף, אַרויף. אין פון אונטערן הויכן, לומדישן שטערן קוקן אַרויס קליינע, בלויליכע אויגן פון אַ קינד, מילד און דערביי אומרויִק.

אָט אַזוי האָב איך הלל ציטלינען געזען דאָס ערשטע מאָל מיט אַ יאָר דרייסיק צוריק, אין די יאָרן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. הלל ציטלין איז געשטאַנען אויף דער טריבונע און געדאַוונט אַ פאַרלעזונג וועגן מהות פון ייִדישקייט, צי וועגן תכלית און זין פון מענטשלעכן לעבן.

די שפּראַך נישט קיין פּאָפּולערע, אַ רמזימדיקע און אַדירכגעוועבט מיט אַ היפּש ביסל אַדרעסן צו פאַרשיידענע מקורים, רעליגיעזע, וועלטלעכע, ייִדישע און גוייִשע, די אויסשפּראַך — אָן באַזונדערן אָראַטאָרישן שליף. אימקלאַר און ווייניק באַטאָנט. עס איז געווען אייגנטלעך מער געזאָגט ווי גערעדט. דערביי זענען אין מיטן געווען אָפטע הפסקות פון מערערע סעקונדן שווייגן, די אויגן פאַרמאַכט, דאָס פּנים געשפּאַנט, שטייט ער אויף דער טריבונע אַ רגע־צוויי צי מער אין דערנאָך עפענען זיך די ליפּן און עס גיבן זיך אַ שיט אַרויס ווערטער, זאַצן, געדאַנקען, איינס נאָכן אַנדערן, איינס איבערן אַנדערן אין ווידער שטיל. עס האָט אים בלויז געפעלט אַ טלית וואָס זאָל איינהילן דעם גוף, פאַרדעקן דעם קאָפּ.

אין זאַל — אַן עולם פון כל המינים: יונגע לייט אין לאַנגע קאַפּאָטעס, חסידישע און אויפגעקלערטע, באַלעבאַטישע ייִדן מיט בערד און אַפּיקורסישע, סאָציאַליסטישע יוגנט — אַ פאַרשיידנאַרטיקער געמיש פון מענטשן וואָס זענען פאַרשיידן אין זייער באַציִונג צום רעדנער. בעת איין טייל איז געקומען הערן עפּעס נייעס

און זיך לערנען, איז געקומען אַ צווייטער כדי צו שפּאָטן און באַקעמפן. סתם־יידן זענען געקומען נאָכקאָנטראָלירן, מיט זייערע אייגענע אויגן זען, צי עס איז אמת וואָס מע זאָגט וועגן הלל צייטלינען: שטייט אַ מענטש אין בלויזן קאָפּ און רעדט וועגן הימל־זאַכן. איז מה בכך? משה רבינו איז אויך געגאַנגען אין בלויזן קאָפּ און גערעדט בעת ער האָט געטראָגן די לוחות פון באַרג סיני...

ער האָט געהאַט קעגנער, אָבער נישט קיין שונאים; ער האָט נישט געדאַוונט, אָבער גערעדט האָט ער אַלע טאָג מיט גאָט פּערזענלעך, כאָטש ער האָט אים קיין מאָל נישט געזען, נישט געוווּסט ווו ער איז, נאָר בלויז געפילט אים — אַז ער איז און עס איז מְלא כל הארץ כבודו.

כאָטש ער האָט קיין קוויטלעך נישט אָנגענומען, האָט ער געהאַט חסידים, כאָטש ער האָט קיין טיש נישט געפירט — האָבן אַ סך מענטשן זיך באַצויגן צו אים ווי צו אַ רבין. אַ שרייבער געווען ביי יידן. עס הייסט — אַ פּובליציסט וואָס רעאַגירט, נעמט שטעלונג צו געשעענישן פון טאָג. ער איז נישט געשטאַנען אין דינסט כמעט פון קיין שום פּאַרטיי — כאָטש אויסגעווען אין זיין לעבן איז ער אין פיל פּאַרטייען. לסוף איז ער אַליין פאַר זיך געווען אַ פּאַרטיי, אַ וועלט־אָנשוי־אונג מיט אַן אייגענער שיטה.

אין היץ פון פּאָליטישע מחלוקתן האָט מען פון פאַרשיידענע זייטן געקאָנט פּרווון פאַרשרייען אַזאַ איינעם וואָס האָט געוואָלט זיין אַליין. עס איז אָבער תמיד אין דעם צייטלין־טאָן געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט פאַרטויבן. אין סאַמע מיטן קאַך פון אַ וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער שטאָט־ראַט האָט הלל צייטלין זיך איין מאָל געקענט דערלויבן אַרויסצוטרעטן אויף די שפּאַלטן פון מזרחיסטיש־פּאָלקיסטישן „מאָמענט" מיט אַן אַגיטאַציע־אַרטיקל פאַר די קאַנדי־דאַטן פון מאַרקסיסטיש־אַפּיקורסישן און אַנטי־ציוניסטישן „בונד".

... אויך דאָס וואָס ער האָט געזאָגט פאַר אַ צוהערער, פאַר אַן אינטעליגענטן צוהערער, איז געווען אַ זאַך פון אינטענסיווער גייסטיקער אַרבעט צום באַנעמען: ציטאַטן פון די מאמרי חז״ל, פון דענקערס און פילאָסאָפן פון די עלטסטע צייטן ביז אונדזער צייט — — אַזוי האָט ער מסתמא אויסגעזען מיט יאָרן שפּעטער, אין וואַרשעווער געטאָ, ווען — ווי מ׳דערציילט — דייטשישע ס״ס־לייט זענען געקו־מען און פאַרפירט מיט אים אַ וויכוח... הלל צייטלין האָט זיך מסתמא נישט געפילט פאַרלוירן אין דער אָנוועזנהייט פון אַזוינע „הויכע געסט" און ער האָט פאַר זיי מסתמא אַנטוויקלט זיין שיטה וועגן גוטס און שלעכטס ביי יידן און ביי אַנדערע פעלקער.

... פאַראַן עטלעכע ווערסיעס וועגן טויט פון ר׳ הלל צייטלין אין וואַרשעווער געטאָ... ער זאָל האָבן — פאַרן אַרויסגיין פון שטוב אָנגעטאָן אויף זיך אַ טלית מיט אַ קיטל. אַזוי זאָל ער האָבן זיך געלאָזן אינעם לעצטן וועג, דער פיין־וועג קיין טרעבלינקע.

# יצחק גרינבוים

דאָס ערשטע מאָל האָב איך אים געזען אין איינעם פון די האַרבסט־אָוונטן פון יענעם האַרבסטיקן יאָר 1918, וואָס האָט היסטאָריש געצייכנט די ערשטע שעהען פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט מיטן בלוט פון לעמבערגער ייִדן — אומגעקומענע אין אַ מיליטערישן פּאָגראָם. אין איינעם פון די וואַרשעווער זאַלן איז פּאַרגעקומען אַ יזכור־אָוונט געווידמעט די געפּאַלענע — אַ ציוניסטישע פּאָלקס־טרויער־פייערונג און איינער פון די רעדנער איז געווען יצחק גרינבוים.



ער איז נאָר וואָס געהאַט צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, ווו ער האָט מיטגעמאַכט די ערשטע שטורעם־חדשים פון דער רוסישער רעוואָלוציע און בירגערקריג. אין פוילן נאָך יאָרן אָפּוועזנהייט — אַ פּנים חדשות. דער ייִדישער מאַסנמענטש האָט אים כמעט נישט געקענט. עס איז געווען סך הכל איין יאָר נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און פּונקט אַזוי פיל זינט דער זיגרייכער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. ביידע יונג און צוזאָגנדיק.

...אויפן יזכור־אָוונט האָבן כמעט אַלע רעדנערס געמאַכט דעם איינציקן פּאָליטישן אויספיר: אַרויס פון גלות. דערנאָך האָט זיך אויפגעשטעלט צום רעדן אַ מיטלוווקסיקער, ברייט־פּלייציקער מענטש פון קרוב פערציק יאָר, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע געקרייזלטע האָר און אַ קמץ־בערדל. מיט זיכערע, שווערלייביקע טריט איז ער צוגעקומען צו דער ראַמפּע. דאָס פּנים האָט אויסגעדריקט פעסטקייט, עקשנות. די אויגן האָבן געברענט, געשלאָגן אַ היץ אין זאַל אַריין אַזוי אַז זי האָט אַלעמען פאַרשלונגען, צונויפגעשמאָלצן צוזאַמען נאָך איידער דער מענטש האָט געעפנט דאָס מויל. דאָס איז געווען יצחק גרינבוים.

...להיפוך צו אַלע אַנדערע רעדנערס האָט ער נישט אַזוי ווייט מספּיד געווען די געפּאַלענע אין פּאָגראָם, אויך נישט אַזוי ווייט אַקצענטירט דעם פּאָליטישן אויספיר פון ציוניזם, נאָר גערופן צו קאַמף, צו ווידערשטאַנד אויף יעדן אָרט, אויף יעדער פּאָזיציע פון ייִדישן לעבן אין פוילן. די רעדע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. אין דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט אין פוילן האָט זיך פאַרמאָלדן אַ קרעפטיקע געשטאַלט מיט אַן אייגנאַרטיק פּאָליטישן פּנים און כאַראַקטער.

...גרינבוים האָט אין פוילן געשאַפן אַ שול. אַן אייגענעם נוסח פון אַ ייִדישער בירגערלעכער פּאָליטיק. די ייִדישע אַרבעטערשאַפט האָט געהאַט איר שול און האָט ביי גרינבוימען גאָר נישט געהאַט וואָס צו זוכן. פאַרן בירגערטום אָבער איז

גרינבוימס נוסח — געווען אַ נייעס. עס איז געווען די שול פון אויסגעגלייכטן רוקן, די שול פון פּאָליטישן קאַמף להיפוך צו פּאָליטישער קריכערישקייט — — אַז פוילן איז אין 1930 געגאַנגען צו די פּאַרלאַמענט־וואַלן אונטערן טעראָר פון פּילסודסקיס „פּולקאָווניקעס"... האָט גרינבוים געוואָרפן דעם לאָזונג, וואָס האָט אַראָפּגעשריגן פון די מויערן פון פוילנס הויפּטשטאָט: — „אָן פּחד און אָן מורא!"

דער בירגערלעכער יידישער מענטש האָט זיך דורכגעדרונגען מיטן דאָזיקן לאָזונג. געגאַנגען אפשר מיט פּחד און מיט מורא, אָבער — געגאַנגען אַזוי ווי גרינבוים האָט גערופן.

...אַ דרייסטער מענטש, מיט אַ סך ציווילן מוט, האָט אים נישט פאַרפעלט קיין כוח צו זאָגן אַלעמען דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט זיך אַליין. און האָט ער גע־מאַכט אַ שטריך איבער „העלסינגפאָרס" (די העלסינגפאָרסער רעזאָלוציע פון די ציוניסטן — 1906 — וועגן קעגנוואַרט־אַרבעט ווי אַ פּאָליטיש־טאַקטישער צוג לגבי דעם גלות — רעד׳), האָט ער עס געטאָן עכט גרינבוימיש, אָן פּאָליטישע שליי־ערן — פאַרוואָרפן אַפילו דעם פּאָליטיש־פּראַקטישן ווערט פון דער רעזאָלוציע און געלאָזט פאַלן זיין באַרימטע פראַזע: אַ מיליאָן יידן (זענען) „צופּיל" אין פוילן.

אַזאַ זאַך האָט נישט געשמעקט אַפילו זיינע אייגענע אידייען־פריינד. ער האָט זיך דערמיט נישט גערעכנט — — דער דאָזיקער זאָג גרינבוימס דאַרף גע־רעכנט ווערן פאַרן אָנהייב פונעם ענדגילטיקן איבערבראָך אין זיין איינשטעלונג, ריקצוג פון העלסינגפאָרס, אָנהייב פון דער ליקווידאַציע פון זיין געזעלשאַפטלע־כער טעטיקייט אין גלות... ויהי היום. גרינבוים האָט ליקווידירט אַל דאָס געזעל־שאַפטלעכע און פערזענלעכע און ער איז אַוועק קיין ארץ־ישראל.

דער ראַפינירטער כלל־טוער, אָט־דער שאַרפער, קאַנטיקער פּאָליטיקער, וואָס אויסגעשפּראָכנקייט איז איינער פון די כאַראַקטער־שטריכן זיינע, אָט דער מענטש פאַרמאָגט אין זיך אויך די תמימות פון אַ קינד. גרינבוימס שמייכל אַנטוואָפנט. זיין הילכיקער, אַ ביסל נישט געשליפענער, אַ ביסל אומגעצוימטער און תמיד־האַרציקער געלעכטער רירט און צענעמט אַזוי ווי דאָס געלעכטער פון אַ צע־שטראַלט קינד.

...אין פּריוואַטן, אין פּערזענלעכן פאַרקער מיט מענטשן איז געווען דער אַנדערער גרינבוים, דער תמימותדיקער, אַ ביסל אומבאַהאָלפענער, א ביסל נאַיִוו אַפילו און לייכטזיניק. האָט ער געלאַכט, איז אויך מפּה מלא.

...דאָס פוילישע יידנטום האָט אַרויסגעגעבן אַ סך פאַרביקע און שיינע גע־שטאַלטן. יצחק גרינבוים איז איינער פון די פאַרביקסטע צווישן זיי.

משה רון /תל אביב

# אַ גרויסער יוביליאַר

יצחק גרינבוים — 80 יאָר

דער יישוב אין ישראל פייערט איצט דעם 80־יאָריקן יובל פון ציוניסטישן וועטעראַן און פירער פון פוילישן ייִדנטום יצחק גרינבוים. די פייערונגען קומען פאָר נאָך דעם וואַל־יריד צו די כנסת־ און שטאָטראַט־וואַלן.

די פייערונגען זענען גאָר באַשיידענע. די סיבות דערצו זענען טראַגישע: 1) וואָס פאַר אַ טעם האָט אַ פייערונג פונעם פירער פון פוילישן ייִדנטום, אַז דאָס גאַנצע ייִדנטום אין פוילן איז אַזוי טראַגיש אומגעקומען; 2) יצחק גרינבוים, דער ערשטער ייִדישער אינערן־מיניסטער פון מדינת ישראל האָט ביי די ערשטע וואַלן צו דער כנסת (פעברואַר 1949) נישט זוכה געווען געוויילט צו ווערן אַלס מיטגליד פון דער ערשטער דעמאָקראַטישער כנסת אין ישראל; 3) דער טראַגישער פאַל פון זיין זון בעת מלחמת השחרור (זיין זון איז געפאַלן אין ירושלים בעת דעם באַ־פרייאונגס־קאַמף פון ישראל קעגן די אַראַבער).

אָבער די תלמידים און נאָענטע פריינד פון יצחק גרינבוים אין ישראל גע־דענקען נאָך זייער גוט דעם 50־יאָריקן יובל פון יצחק גרינבוים אין וואַרשע, די גרוי־סע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען מיטן אָנטייל פון צענדליגער טויזנטער אָנהענגערס און קעגנערס, די אָפּשאַצונגען אין דער ייִדישער און פוילישער פרעסע אאַז״וו. אָט די דאָזיקע גרופּע געטרייע תלמידים און פריינד פון יצחק גרינבוים אין ישראל האָבן משפיע געווען אויף זייער רבין אַז ער זאָל מסכים זיין צום יובל.

ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ יובל־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען פאַרטרעטן די פאָרשטייערס פון אַלע וויכטיקסטע אינסטיטוציעס אין ישראל מיט דעם פּרעזי־דענט פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ד״ר נחום גאָלדמאַן בראָש.

*

מיט 10 יאָר צוריק בערך, נאָך די וואַלן צו דער כנסת, האָט יצחק גרינבוים באַשלאָסן זיך צוריקצוציִען פון דער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער אַרבעט און זיך אָפּגעגעבן בלויז ליטעראַרישער און זשורנאַליסטישער אַרבעט. יצחק גרינבוים האָט זיך זיין ווינקל אין דער צייטונג פון „השומר הצעיר״, „על המשמר״, אין דער צייטונג פון אחדות העבודה און לינקע פועלי ציון „למרחב״ און אין דער ייִדישער צייטונג

„לעצטע נייעס". יעדן פּרייטיק באַווייזן זיך זיינע אַרטיקלען אויף פּאַרשיידענע פּאָליטישע און אַקטועלע טעמעס. די רעדאַקטאָרן פון די דאָזיקע צייטונגען האָבן מסכים געווען אַז די אַרטיקלען ווערן געדרוקט אויף דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון מחבר, און „צענזורע", און אויסבעסערונגען פון רעדאַקטאָר אָדער פּאַרטיי...

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז געשען אַז די צייטונג „על המשמר" האָט געוואָלט ענדערן עטלעכע שורות פון יצחק גרינבוימס אַרטיקל. גרינבוים האָט נישט מסכים געווען און נישט דערלויבט צו פאַרעפנטלעכן דעם אַרטיקל און ברוגז געוואָרן אויף אַ געוויסער צייט מיט דער רעדאַקציע פון „על המשמר" וועלכע האָט אים צוריקגעגעבן זיין ווינקל אין דער צייטונג און די רעכט נישט צו ענדערן זיינע אַרטיקלען.

אויך רעדאַגירט יצחק גרינבוים די ענציקלאָפּעדיעס פון פּוילישן יידנטום, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן דורך דעם פאַרלאַג „אנציקלופדיה של גלויות" וואָס זיין דירעקטאָר איז חיים באַרלאַס פון ישראל. ביז איצט זענען שוין דערשינען אייניקע ענציקלאָפּעדיעס, וואָס זענען אָפּגעגעבן די שטעט וואַרשע, בריסק, לובלין, לעמבערג, טאַרנאָפּאָל א"אַ.

דאַקעגן איז גרינבוים געווען טעטיק אין פּראָ־קאָמוניסטישן „שלום־קאָמיטעט" אין ישראל, אין וועלכן עס נעמען אָנטייל בלויז די צוויי ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען מפ"ם און „אחדות העבודה" און די קאָמוניסטן. דער דאָזיקער „שלום־קאָמיטעט" האָט אָפט מאָל איינגעלאַדן יצחק גרינבוימען אויף מאַסן־מיטינגען און מען מוז מודה זיין, אַז אַ גרויסער טייל פריינד און תלמידים פון גרינבוים האָבן נישט איין מאָל באַדויערט וואָס גרינבוים האָט זיך געלאָזט אַריינציִען אין דאָזיקן קאָמיטעט. דער איינדרוק איז געווען אַז זיינע קינדער, וועלכע זענען אַקטיווע טוערס אין „השומר הצעיר" אָדער זיין געוועזענער תלמיד ד"ר משה קליינבוים (איצט סנה) האָבן אים „משדך" געווען מיטן „שלום־קאָמיטעט". יצחק גרינבוים האָט ערנסט גענומען די אַלע פייערלעכע שלום־דעקלאַראַציעס פון דעם דאָזיקן פּראָ־קאָמוניסטישן קאָמיטעט ביז... דער שרעקלעכער בלבול אין סאָוועט־רוסלאַנד קעגן די יידישע דאָקטוירים און די שווערע באַשולדיקונג פון סטאַלין און זיינע מענטשן קעגן דעם „דזשאָינט", אַז די גאַנצע סאָציאַלע אַרבעט פון „דזשאָינט" איז סאַמע שפּיאָנאַזש קעגן סאָוועט־רוסלאַנד. דעמאָלט איז יצחק גרינבוים אַרויס אויף אַ „עתון העתונאים" אין גרויסן „מוגרבי"־זאַל אין תל אביב און מיט דער גרעסטער שאַרפקייט געטאַדלט די שווערע באַשולדיקונגען וואָס די סאָוועטן־מאַכט האָט געוואָרפן אויף די יידישע דאָקטוירים און דעם „דזשאָינט". מיט אָט־דעם מוטיקן אַרויסטריט האָט יצחק גרינבוים באַוויזן דעם יישוב און בפרט דעם וועלט־יידנטום, אַז ער איז געבליבן דער שטאָלצער ייִדישער קעמפער.

יצחק גרינבוים האָט נישט אויפגעהערט זיין ציוניסטישע אַקטיוויקייט און אויף יעדן ציוניסטישן קאָנגרעס אָדער אַקציאָנס־קאָמיטעט געלאָזט הערן זיין וואָרט, נישט איין מאָל אַפילו שאַרף פּאָלעמיזירט מיט דוד בן־גוריון און אַנדערע ציוניסטישע פירערס איבער ציוניסטישע פּראָבלעמען. ווי אַ וועטעראַן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט ער נישט געלאָזט פאַרמינערן דעם פאַרדינסט און אויטאָריטעט פון

ציוניזם און ציוניסטישע פירערס אויף דער גאָרער וועלט. יצחק גרינבוים האָט נישט מסכים געווען אָנצונעמען וועלכן עס איז ערן־אַמט אינעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, ער האָט בלויז זיך באַטייליקט אין דער דעבאַטע און דאָס נאָר ווי אַ לעבנס־לענגלעכער מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, וואָס איז געווײלט געוואָרן צוזאַמען מיט אַנדערע ציוניסטישע וועטעראַנען נישט לויטן פּאַרטיי־שליסל.

יצחק גרינבוים איז זינט דעם חורבן פון פּוילישן ייִדנטום ביז היינט צו טאָג טעטיק אויפן געביט פון העלפן די פּוילישע ייִדן און דער עליה פון פּוילן.

יצחק גרינבוים פייערט איצט זיין יובל נישט ווי מיט 30 יאָר צוריק. דעמאָלט, אין וואַרשע, האָט ער געהאַט דאָס פּוילישע ייִדנטום, עס האָבן נאָך געלעבט זיינע נאָענטע חברים און פריינד, ווי ד״ר מאיר קלומעל, א. מ. הארטגלאַס, אברהם גאָלד־בערג, יוסף גראַוויצקי (רגב) מנחם קירשענבוים, ד״ר יצחק שיפּער, מנחם עלענבערג, ד״ר יוסף דאַווידזאָן, אליהו לעווין א״אַ, אַלע שוין אויפן עולם־אמת. יבדל לחיים, עס איז בלויז געבליבן דער געוועזענער סענאַטאָר און מיטגליד פון וואַרשעווער שטאָט־ראַט אינזש׳ משה קערנער עד מאה ועשרים — דאָס איז זיין איינציקער פריינד פון דער זעלבער תקופה. דאַקעגן זענען טעטיק אין ישראל איינציקע פון זיינע תלמידים און נאָענטע מיטאַרבעטערס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין פּוילן ווי: משה קול (לייטער פון דעם יוגנט־אָפּטייל ביי דער ייִדישער אַגענץ און פירער פון דער ציוניסטיש־פּראָגרעסיווער באַוועגונג אין ישראל) אַדוו׳ יוסף סערלין — פירער פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אין ישראל, אינזש׳ יצחק אילול (לאַנדשטאַק), פּרעזידענט פון פאַרבאַנד פון וואַרשעווער ייִדן אין ישראל און ד״ר משה קליינבוים (סנה) איינער פון די קאָמוניסטישע פירערס אין ישראל (ליידער!). די אַלע און אַנדערע פון זיינע נאָענטע פריינד און תלמידים האָבן זיך אין גאַנצן דערווייטערט פון יעדער ציוניסטיש־פּאָליטישער אַרבעט, אָבער יעדער האָט אויף זיין שטייגער געבויט דאָס לעבן אין ישראל.

... ריכטיק האָט באַמערקט איינער פון יצחק גרינבוימס נאָענטע פאַנאַטישע תלמידים, אלתר קלאַרמאַן: ווען יצחק גרינבוים וואָלט ווייטער געווען אַקטיוו אינעם ציוניסטיש־פּאָליטישן לעבן אין ישראל, — ווער ווייסט צי ער וואָלט זיך אַזוי געזונט און גוט געפילט ווי ער פילט זיך איצט... דעריבער ווינטשן אים אַלע אַריכת ימים ולהתראות ביובל־התשעים!

ש. טענענבוים / ניו־יאָרק

# מאָזאַיק

דער „האָטעל וואַרשע״ איז געווען אויף די נאַלעווקעס, דאָס האַרץ פון דער באַוועגונג אין שטאָט. עס איז געווען געווען צו שטיין אין וואָכעדיקן נאָכמיטאָג אויף די נאַלעווקעס כדי צו דערקענען דאָס פוילישע יידנטום, כדי אַריינצוקוקן אין דעם דינאַמישן לעבן פון פאָלק. פאַר איינעם וואָס איז געקומען פון דעם יידישן שטעטל, וואָס ביים ליימיקן, רויט־זאַמדיקן ווייסל־ברעג, איז געווען אַ נייעס די דאָזיקע הודזשעניש פון וואַרשע. עס איז געווען ווי אַ גרויסער רעזשיסאָר וואָלט געשמינקט און געפאַרבט די אַקטיאָרן פון דער גרויסער דראַמע פון אַ פאָלק.

דאָ, אויף דער רווישיקער גאַס, גייט פאַרביי דער כלי־זמר מיט זיין פידל און זיין פויק און די קליינע „בלינדע״ טאָכטער וואָס טאַנצט צום טאַקט פונעם טאַטנס שפּילן. קוקנדיק אויף זיי גייען אויף די דורות כלי־זמרים, וואָס האָבן געשפּילט אויף יידישע חתונות און פאַר גוישע שררות פון אַלט־פּוילן. דו זעסט דעם רויטן קאָפּ פלאַמענדיקע האָר פון דער טאָכטער, ווי געמאָלן אויף אַ מאַלעריי פון יאַן מאַטייקאָ, פון די קעניגלעכע סצענעס, ווו אין אַ ווינקל דערקענסטו דאָס מיידל מיט טרערן אין אירע שיינע אויגן, די פאַריתומטע פּרינצעסן.

אָט איז דער דיקלעכער זינגער וואָס שטייט אויפן גרויען הויף און זינגט דאָס ליד וועגן מרדכי פאַריזענבערג וואָס האָט דערמאָרדעט זיין פריינד יצחק גאָלדבלום. יצחק גאָלדבלום איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ באַנק און מרדכי פאַריזענבערג האָט אים ברוטאַל געטויט, כדי מיטן צוגערויבטן געלט צו קענען חתונה האָבן מיט זיין צאַרטער יונגער כלה. מיט זיין ריזיקן „קנאָפּ״ אינעם גאָרגל שטייט דער זינגער און ער זינגט אויס מיט זיין מעכטיקער באַסאָווער שטימע דאָס ליד וועגן דעם פאַרברעכער, ווי אַזוי ער גייט אין א טויזיק־זוניקן טאָג אויפן פעלד כדי דערשאָסן צו ווערן. און די פייגל זינגען און די כלה ליגט אויפן בעט אין איר היים און זי ציטערט פון וויינען און זי הילט זיך איין אין דעם זיידענעם שאַל פון אָוונט. דער קאָפּ פונעם זינגער איז ווי פון אַ לייב, און עס פאַלט דיר איין אַז אַ פאַרשטעלטער לייב זינגט אַ יידיש ליד אין וואַרשע...

עס גייט דאָ פאַרביי דאָס גאַנצע פוילישע יידנטום. די עלטערע יידן מיט סידורים אין די הענט און די יוגנט מיט מאָדערנע און קלאַסישע ראָמאַנען. עס טראָגן זיך דורך וועגענער מיט יידישער סחורה. עס שפּאַצירן פאַרביי חנעוודיקע יידישע פרויען. דאָס גאַנצע פאָלק מאַרשירט דאָ אַדורך... אַזוי ווי עס וואָלט וויזן

צום לעצטן מאָל זײַן פּנים אײדער אַ שרפה פֿאַרצערט עס, אײדער אַ דונער דער־שלאָגט עס, אײדער אַ בראַך דערהרגעט עס... בשעת דער יונגערמאַן מיטן לײבן־קאָפּ, אַן אָפּגעריסענער, אַן אָפּגעשליסענער װי אַ נביא, זינגט איצט אַזאַ מוראדיק ליד פֿון ייִדישן חורבן, שטײט אין אַ װינקל פֿונעם גרױיען טױער דער סוחר פֿון װילנע, ער ציטערט װי פֿון אַ ביטערער קעלט, עס װאַרפֿט מיט אים אין קדחת. און דער זינגער קריגט עפּעס אַן איבערערדישע שטימע, װען ער דעקלאַמירט הױך איבער די טומלדיקע נאַלעװקעס, אַריבער די הײזער און דעכער פֿון גאַנץ װאַרשע אַריבער די ייִדישע קעפּ פֿון גאַנץ קרױן־פּױלן, דעקלאַמירט פּלוצלינג דאָס ליד פֿון דעם נביא יואל:

„בלאָזט אַ שופר אין ציון
און שאַלט אױף מײַן הײליקן באַרג,
זאָלן ציטערן אַלע באַװױנער פֿון לאַנד
װאָרום דער טאָג פֿון גאָט קומט אָן,
װאָרום ער איז נאָענט;
אַ טאָג פֿון חושך און פֿינצטערניש,
אַ טאָג פֿון װאָלקן און נעפּל
װי אַ שװאַרצקײט אױסגעשפּרײט אױף די בערג;
אַ גרױס פֿאָלק און אַ מעכטיקס,
אַזאַ װי עס איז נישט געװען פֿון אײביק אָן
און װעט נאָך אים מער נישט זײַן
ביז די יאָרן פֿון דור־דורות.
אים פֿאָרױס פֿאַרצערט אַ פֿײַער
און הינטער אים פֿלאַקערט אַ פֿלאַם;
װי דער גאָרטן פֿון עדן איז דאָס לאַנד פֿאַר אים,
און הינטער אים אַ מדבר אַ װיסטער
און צו מאָל קײן אַנטרינונג איז נישטאָ פֿון אים.
װי דאָס אױסזען פֿון פֿערד איז זײַן אױסזען,
און װי רײַטער אַזױ לױפֿן זײ.
װי דאָס גערױש פֿון רײַטװעגן
איז זײער שפּרינגען אױף די שפּיצן בערג,
װי דער קנאַל פֿון אַ פֿלאַם פֿײַער
װאָס פֿאַרצערט שטרױ;
װי אַ פֿאָלק אַ מאַכטיקס
געגרײט צו מלחמה.
פֿאַר אים ציטערן פֿעלקער,
אַלע פּנימער האָבן אָנגענומען אַ פֿינצטערניש.
װי גיבורים לױפֿן זײ,

ווי מלחמה־לייט קלעטערן זיי אויף דעם מויער
און איטלעכער אין זיינע וועגן גייען זיי,
און זיי פּלאָנטערן נישט זייערע שטעגן.
... פאַר אים ציטערט די ערד.
שטורעמען די הימלען;
די זון און די לבנה ווערן שוואַרץ
און די שטערן נעמען אַריין זייער שיין.
און גאָט לאָזט אַרויס זיין קול
פאָרויס פאַר זיין חיל;
וואָרום זייער גרויס איז זיין מחנה,
וואָרום מאַכטיק איז דער וואָס טוט זיין באַפעל;
וואָרום גרויס איז דער טאָג פון גאָט און מוראדיק זייער,
און ווער קאָן אים אויסהאַלטן?
אָבער נאָך איצט, זאָגט גאָט:
קערט אייך אום צו מיר מיט אייער גאַנצן האַרצן,
און מיט פאַסטן און מיט געוויין און מיט קלאָג;
און צערייסט אייער האַרץ און נישט אייערע קליידער,
און קערט אייך אום צו גאָט, אייער גאָט,
וואָרום ער איז לייטזעליק און דערבאַרעמדיק,
איינגעהאַלטן אין צאָרן און רייך אין גענאַד,
און ער האָט חרטה אויף דעם בייז.
ווער ווייס, אפשר ווידער וועט ער חרטה האָבן
און לאָזן אַ ברכה הינטער זיך —
אַ שפּייז אָפּפער און גיס אָפּפער
פאַר גאָט, אייער גאָט".

(יידיש: פון יהואש)

ווי טראָפּנס גליִענדיקער בליי זענען געפאַלן די ווערטער פון דעם אָפּגערי־סענעם ייִד מיטן לייבן־קאָפּ. ייִדן פון וואַרשע האָבן זיך אין שרעק אָפּגעשטעלט אויף א רגעלע צו הערן, צו פאַרנעמען דאָס מאָדנע קול, אַזוי ווי דאָס מוראדיקע קול פון דעם נביא יואל וואָלט זיך אַדורכגעריסן דורך בליץ און געדונער פון ייִדישן עבר און מיט שווערע האַמער־קלעפּ געפאַלן אויף די שאַרבנס פון די פּויל־ישע ייִדן, פונעם וועלט־ייִדנטום. ווי פון די טיפענישן פון תנ"ך אַרויס האָט גע־דונערט און געפּלייצט פייער און שרעק פונעם אומהיימלעכן זינגערס שטימע. און דער סוחר פון ווילנע האָט געציטערט טיף אין זיין ווילד און דערשראָקן געביין. עס איז געווען אַזוי ווי אַ מוראדיקער שטורעם וואָלט אים געהאלטן אין זיינע שטיינערנע הענט און מיט אים געוואָרפן איבער אַלע פיר זייטן פון דער וועלט.

**חיים אייזענבערג** / בוענאָס איירעס

# חסידישע ייִדן אין דער אַלטער היים

וואַרשעווער עפּיזאָדן

מיין טאַטע איז געווען אַן אַלעקסאַנדערער חסיד, גערדאַוונט האָבן מיר אין אַלעקסאַנדערער שטיבל אויף טוואַרדע 10 אין וואַרשע. ביי אונדז האָט לאַנגע יאָרן געגעסן אַ שבת־אורח פון דעם זעלביקן „שטיבל". „יאָסל חדש" האָט מען אים גערופן. ער איז שוין גראָד נישט געווען אַזאַ חדש, נאָר אַ ייִד אין די יאָרן מיט אַ גרינער, געהאַקטער קאַפּאָטע. אַ סברה אַז ער האָט די קאַפּאָטע נאָך געהאַט פון זיין חתונה. זי איז געווען גרין פון אַלטקייט. ער האָט געטראָגן אַ סאַמעטן היטל מיט אַן אויסגעריבענעם דאַשעק.

אַ גאַנצע וואָך האָט יאָסל חדש געלערנט אין שטיבל. מיר, עטלעכע ייִנגלעך פון רייכע טאַטע־מאַמעס האָבן, ווי דער שטייגער, געהאַט אונדזער טרעפּפּונקט אין דעם זעלבן שטיבל. ווי באַלד מיר פלעגן נאָר אַריינקומען אין שטיבל, האָט ר' יאָסל חדש ביי אונדז געבעטן אַז מ'זאָל הייסן יואלקע משמש (דער אייבערשטער פון שטיבל), וועלכער האָט געהאַלטן אַ בלינד שענקל ווו מ'האָט געקריגן אַ גלעזל בראָנפן מיט אַ קיכל, אַ שטיקל קעז, אַז ר'זאָל אים געבן אַזאַ פּאָרציע וואָס האָט געקאָסט לערך 20־15 גראָשן. מיר האָבן עס ר' יוסלען נישט אָפּגעזאָגט צוגלייך מיט אַנדערע, צו וועלכע ער האָט זיך געווענדט. אַזויערנאָך האָט ר' יוסל זיך תמיד באַזאָרגט מיט אַ פינף אָדער זעקס אַזעלכע שהכלען איבערן טאָג. האָט געטראָפן אַז אַ מאָל, ווען מיר זענען אַריין אין שטיבל, האָבן מיר יוסל חדשן געטראָפן ליגן אויף אַ באַנק אַ צונויפגעקנוילטן אין דרייען און קרעכצן. איך פרעג אים: „ר' יוסל, וואָס איז אייך?" ענטפערט ער, אַז ער קען שוין נישט אויסהאַלטן פון די קרעמפן אין בייך. איך האָב אים גלייך אַרויפגענומען צו אונדזער יאָר־דאָקטער, ער באַטראַכט אים, פאַרשרייבט עטלעכע רפואות און דערעיקרשט זאָגט ער אים אָן אַז ער זאָל חלילה נישט טרינקען קיין יי"ש, ווייל דאָס איז פאַר אים סם־המות. צוריק געפירט אים אין שטיבל אַריין און גלייך באַשטעלט פאַר אים די רפואות. געקומען דערנאָך מיט די פלעשלעך פון אַפּטייק זאָגט ער מיר: „פאַרגעס נאָר נישט צו זאָגן יואלקען, ער זאָל מיר געבן דאָס גלעזל יי"ש מיטן קיכל". פרעג איך אים: היתכן? דער דאָקטער האָט דאָך אייך אָנגעזאָגט נישט צו טרינקען. שטעלט ער אָן אויף מיר אַ פּאָר גרויסע אויגן און זאָגט: די מיינסט אַוודאי אַז איך וועל אים הערן, דעם אידיאָט? ער וויל

איך זאָל שטאַרבן פון הונגער. דאָס איז דאָך מיין גאַנץ חיות, — איבעריקנס זאָל זיך מיר דוכטן אַז איך בין נאָך נישט געווען ביים דאָקטער.

אין דעם זעלבן אַלעקסאַנדערער שטיבל האָט אויך געדאַוונט אַ ייִד הערצל מלאַווער, אַ ייִד אַן אָרעמאַן אין צען פּאָלעס. ער פלעגט אַרויפקומען צו אונדז אום שבת קידוש מאַכן; ער האָט זיך נישט געוואַשן צום עסן. עסן פלעגט ער בלויז אייער־קיכלעך און אַזוי האָט ער מיטגעהאַלטן די גאַנצע שבת־סעודה. אין איינעם אַ שבת קומט אַריין צו אונדז ר׳ הערצל. מ׳וויל אים דערלאַנגען קידוש צו מאַכן כמנהגו, זאָגט ער אַז ער מוז שוין לויפן אין שפּיטאָל, מען מוז פּלוצלינג אָפּערירן זיין פּלוניתטע, און ר׳בעט ביי מיין טאַטן אַ הלוואה פון 100 רובל. מיין פאָטער זאָגט: „הערצל, עס איז דאָך היינט שבת״. ענטפערט ער אים: „שאַ... שוטה, פּקוח־נפש, גיב אַהער געלט!״ זאָגט מיר מיין פאָטער: „נעם די קאַסע־שליסלען און גיב אים 100 רובל״. נאַטירלעך האָב איך אויך נישט געוואָלט דעמאָלט מיך צורירן צום געלט מחמת שבת. איך האָב נאָר געעפנט און ר׳ הערצל איז צו צו דער קאַסע, אויסגעציילט אין מיין קעגנוואַרט 10 צענער רובלעס און אַוועק אָן אַ גוטן שבת.

דער אַלעקסאַנדערער רבי איז אַ מאָל געקומען קיין וואַרשע זיך היילן די אויגן — איז ער איינגעשטאַנען ביי מיינעם אַ פעטער. איך בין געווען נייגעריק צו זען וואָס דער רבי טוט. בין איך געוואָרן ביים פעטער אַן אָפּטער גאַסט. איין מאָל זע איך ווי צום רבין קומט אַריין זיינער אַ חסיד און ער זאָגט אים: „איך האָב אַן איידעם, רבי, גיב איך אים קעסט אַז ער זאָל קענען זיך אָפּגעבן מיט לערנען. אַנשטאָט לערנען לייענט ער גאָר גאַנצע טעג די ספרים החיצונים ר״ל. דער רבי הערט אים אויס גאַנץ געלאַסן און ענטפערט. „שיק אים מיר גלייך אַרויף, דיין איידעם״. געדויערט נישט לאַנג, קומט אַריין כמעט אַ ייִנגל נאָך, ממש אַן אויסגעצוואָגענער הערינג, און דער רבי הייבט אים אָן צו מוסרן: „היתכן? דיין שווער ווערט אויסגע־ריסן, האָרעוועט ביזן שוויס אַז דו זאָלסט קענען לערנען, לסוף לייענסטו גאָר ספרים חיצונים. דאָס גהינום איז פאַר דיר אָפן, הערסט?״ און זאָגט אים אָן אַז פון היינט אָן זאָל דאָס חלילה מער נישט געשען. דער פאַרשוין האָט אין גאַנצן געצי־טערט פאַר שרעק, און דער רבי זאָגט אים: גיי אַהיים. איך וועל שוין ריידן מיט דיין שווער אַז ער זאָל דיך נישט אָפּגטן — נאָר זע למע״הש אַז דאָס זאָל זיך חלילה נישט איבערחזרן!

אויסהערנדיק די גאַנצע מעשה, האָב איך מיך אַנטדרייסט (איך בין נאָך געווען אַ ייִנגל) און זאָג צום רבין: פאַר וואָס אַז דער רבי זעט אונדז לייענען ביכלעך, זאָגט ער אונדז נישט אַזעלכע שאַרפע ווערטער? ענטפערט ער מיר: איר לייענט דאָך בפרהסיא, איר באַהאַלט זיך נישט ביים לייענען נעמט איר אַרויס דאָס גוטע, ער אָבער לייענט ביי זיך באַהאַלטענערהייט, נעמט ער אַרויס פון די ביכלעך די פּאַס־קוסטווע (כהאי לישנא) און דאָס גוטע לאָזט ער איבער. אַגב האַלט ער דאָך נישט דעם אָפּמאַך מיט זיין שווער ווע‌לכער האָרעוועט כדי אים מפרנס צו זיין.

אין דעם הויז וווּ מיר האָבן געוווינט האָט אויפן צווייטן שטאָק געוווינט אַ רייכער ייִד, אַן אָסטראָווצער חסיד. דער אָסטראָווצער רבי איז געווען אַן אַסקעט, אַ חלוש. ער האָט אַ גאַנצן טאָג געפאַסט און געלערנט. גערופן האָט מען אים דער אָסטראָווצער עלוי. נאָך דעם גאַנצן טאָג פאַסטן פלעגט ער ביי נאַכט טועם זיין אַ ביסל מילך מיט אַ שטיקל זעמל. פון גרויס שוואַכקייט פלעגט ער אָפט איינשלאָפן און יעדעס מאָל ווען ער פלעגט זיך אויפכאַפּן, זיך הייסן פותר־חלום זיין. ווען ער אָסטראָווצער איז אַ מאָל געקומען קיין וואַרשע זיך קורירן, איז ער איינגעשטאַנען ביי אונדזער שכן אויפן צווייטן שטאָק. דעמאָלט האָט דער ד״ר געזאָגט אַז ער גלייבט אין ניסים, דאָך ווייס ער נישט ווי אַזוי דער רבי לעבט. איך האָב אויך געוואָלט זען ווי דער רבי זיצט גאַנצע טעג איבער די ספרים, ער פלעגט 2 שעה אין טאָג אויפנעמען זיינע חסידים און סתם־מענטשן. קומט אַ מאָל צו אים אַריין ר׳ הלל צייטלין ז״ל, ער גייט צו אים אַריין און איך האָב מיך אַרונטערגעשטעלט הינטער דער טיר הערן וואָס זיי ריידן. עס איז אָבער געווען שווער אויפצוכאַפּן, וואָרן דער רבי מיטן גאַסט האָבן גערעדט זייער שטיל, איך האָב נאָר געזען ווי דער אָסטראָווער מאַכט אַלע מאָל צו אים מיט דער האַנט. ביים אַרויסגיין האָב איך אָבער גע־הערט, ווי ר׳ הלל צייטלין זאָגט אים: אָבער איין בקשה האָב איך צו אייך, אַז איר זאָלט פאַר מיר מתפלל זיין אַז איך זאָל נישט שטאַרבן אָן תשובה.

מ׳דערציילט נאָך פון דעם אָסטראָווצער רבין, אַז אַ מאָל אויף אַן אַסיפת רבנים, פון גדולי־הדור, האָבן די רבנים נאָכגעזאָגט תורות פון זייערע טאַטעס און פון זייערע זיידעס, ווייל דאָס זענען געווען רביים פון זינט עטלעכע דורות. „דער אָסטראָווצער איז אָבער אַ זון פון אַ בעקער״, האָט עמעץ זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל און מיין טאַטע ז״ל האָט אים פאַרענטפערט, דעם אָסטראָווצער: — פון דעסטוועגן איז וואָרעם ברויט זייער געשמאַק.

אַזעלכע זענען זיי געווען, די חסידישע ייִדן פון אונדזער אַמאָל.

וואַרשע, שבת, 9 יאַנואַר 1939

# פאָרטרעטען

פון דער סעריע:
„יונגע אידען פון עלטערען דור"

אויפגעכאַפּט פון מ. קיפּניס

## יחזקאל רייזנער



...אַט אַזוי ווי איהר זעהט איהם אין ...זוטערנעם היטעל מיט'ן ווייס פראַנצוי... ...ישען בערדעל און ברילען אויף דער ...נאָז, אַט אַזוי האָט ער אין איין לוי... ...פען... ווינטער, אין די פרעסט, זומער אין די היצען, עס האַלט איהם נישט אָב ...קיין שניי, קיין רעגען. ער לויפט... ...יעהן פאַמעליך האָט איהם נאָך קיינער ...נישט געזעהן.

דאָס ריהרעוודיגסטע אידעל אין וואַר־שאַ איז ער עד מאה ועשרים שנה אין־פּאָפּולער אויך!

יחזקאל רייזנער הייסט ער.

אַ פערציג יאָהר לויפט ער שוין אַזוי פון איין טעאַטער אין צווייטען טעאַטער, פון איין קינאָ אין צווייטען קינאָ, פון איין רעדאַקציע אין דער צווייטע רעדאַקציע. זיין אויפגאַבע איז:

— אַנאָנסען פאַר דער אידישע פרעסע.

די אידישע צייטונגען קאָנען אפּשר אויסזעהען לעדיג און ס'וואָלט הלילה נישט זיין אין זיי וואָס צו לייענען, פערוואָס נאָר זיי מיט'ן בעסטען רעפּערטואַר.

דער ערשטער אידישער אַנאָנסען־אַגענט איז ער. זיין ערשטען אַנאָנס האָט ער נאָך געגעבען אין סאָקאָלאָווס „הצפירה". נאָך פאַר קאָמפּאַניעס נאָך, פון די צייטען פון טעאַטער־דירעקטאָר וויינבערג מיטן ציקלינער און פעדערינג, האָט רייזנער שוין צואַ־מענגעבינדען די אידישע פרעסע מיט'ן אידישען טעאַטער.

אַ שטיק תלמיד־חכם איז ער, פון די תלמידי־חכמים, וואָס שיטען מיט פּסו־קים און שיחות חולין פון עלטערען דור. אַ איד מיט אידישע המציאות. ער האָט ערפינדען, אַז בימי התלמוד איז שוין געווען אַ מעטעראָלאָגישע וועטער סטאַציע וואָס האָט געהייסען „פּיס"... ווייל אויף איינעם וואָס זאָגט ליגען, זאָגט די גמרא: „עפרא לפומה"...

אַ פרעהליכער אַנאָנסען־אַגענט. לייענט איהר אין אַ אידישער צייטונג אַ אַנאָנס פון אַ ניי טעאַטער־שטיק, אַ רעקלאַמע פון פרעהליכע אַרטיסטען, פון אַ נייעם פילם — איז דאָס זיין אַר־בייט... האָט ער דאָס צוגעשטעלט דעם אַנאָנס אין טעאַטער...

און כאָטש ער פטר'ט דעם טאָג מער־ניט אין די טעאַטערען און קינאָס ווי אין דער היים, איז, ווייצעלט ער זיך: „עם לבן גרתי" און אַ מנחה ומעריב נאָך נישט פערפעהלט... אז ס'קומט אויס, דאַווענט ער הינטער די קוליסען אָב אַ מעריב. ער האָט שוין אַמאָל, רעדענדיג מען, געוויזען אַ העלדישקייט, האָט גע־דאַווענט מנחה אין דער בונדישער רע־דאַקציע „פאָלקסצייטונג" און איז אויך פון דאָרט אַרויס בשלום...

— דאָס יונגע אידעל פון עלטערן דור — רופט איהם וואַרשאַ.

אָפּדרוק פון אַ פראַגמענט פון דער גרויסער וואַרשעווער טאָגצייטונג „היינט", ערב דעם מאָרדיקן יידישן חורבן

# פנים אל פנים מיטן חורבן



רחל אויערבאַך / תל־אביב

## אַזוי איז דאָס געשען

שפליטערס פון דער פייער־מגילה

... קילאָמעטער־לאַנגע מויערן, דריי מעטער די הייך. אַלע 25 מעטער אַ זשאַנדאַרם אָדער פּאָליציאַנט אַ גראַנאַטענער, באַוואָפנטע מיט ביקסן. דער רינג איז שוין געשלאָסן.

צוויי אַ זייגער מיט מינוטן פאַרנעמען זייערע פּאָזיציעס די גרופּעס פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

פיר אַ זייגער פאַרטאָג הייבן אָן אַריינמאַרשירן דורך די דרויסנדיקע טויערן די דייטשע אָפּטיילן. מאָטאָריזירטע און צופוס. נאָך זיי די וועגענער, מכשירים, אַמבולאַנסן. אין קליינע גרופּעס דרינגען זיי אַריין אין קיינעמסלאַנד, צום אימבאַ־ווינטן — צווישן געטאָ און די שאָפּ־געביטן. ערשט דאָרטן נעמען זיי זיך פאַרמירן אין איינהייטן.

זיי האָבן אַ באַפעל זיך צו פאַרהאַלטן שטיל. די מאָטאָרן ברומען אויף האַלב גאַז, געדעמפט.

אומזיסט די פאָרזיכט: די געטאָ שלאָפט נישט! געטאָ האָרכט די טריט פון די, וואָס שלייכן ווי גנבים אַרום די מויערן, ווי גזלנים.

*

דער טויער צום צענטראַלן געטאָ — גענשע־זאַמענהאָף — 6 אַ זייגער פרי: זיי הייבן אָן אַריינמאַרשירן אינעווייניק.

... אין די הייזער נאַלעווקי 29, 31, 33 זענען פאַרמאַסקירט צוויי קאַמף־גרופּעס. זיי לאָזן צו דעם שונא נאָענט — און מיט אַ מאָל — זיי שיסן אויס פון אַלע עפענונגען, שליידערן אַראָפּ גראַנאַטן, צינדפלעשער.

דער שונא וואַרפט זיך מיטן פנים אויפן ברוק. עס הייבט זיך אויף אַ העלפט, ס'בלייבן ליגן טויטע און פאַרוווּנדעטע. די לעבעדיקע נעמען ענטפערן, פאַרשיטן די דריי הייזער מיט אַ האָגל קוילן פון מאַשינגעווער.

צוויי שעה אויפן זייגער האַלט אָן די שיסעריי. דערנאָך טרעטן אָפּ — די דייטשן.

דער ערשטער קאַמף, דער ערשטער יידישער נצחון.

ערשט מיט צוויי שעה שפּעטער קומען זיי צוריק. אויפן ראָג נאַלעווקעס און פּראַנטשישקאַנער שטעלן זיי אויף אַ באַריקאַדע. זיי צינדן אונטער די דריי הייזער. יידן צינדן אונטער אין פּאַרטער אַ מאַגאַזין פון „ווערטערפאַסונג" *). געטראָפן פון אַ צינדפלאַש צינדט זיך אָן די באַריקאַדע. די שלאַכט גייט ווייטער. גאַנצע 6 שעה האַלטן די יידן די פּאָזיציע. זיי טרעטן אָפּ ערשט פאַר די פלאַמען — אָן אַן איינציקן געפאַלענעם.

דער צווייטער פונקט — אויפן ראָג זאַמענהאָף און מילע — נאָך אַ גרעסערע מפלה פון די דייטשן. אַ קאָנצענטרירט יידיש פייער פון פיר זייטן מיט אַ מאָל. פון אַלע הויכע שטאָקן, פון די ביידעמער. די דייטשן באַווייזן נישט צומאָל צו ענטפערן אויף דער באַשיסונג. יידן אָבסערווירן ווי די שונאים וואַלגערן זיך אין קאַלוזשעס בלוט. זיי זעען אַ דייטש, ביי וועלכן ס'האָבן זיך אָנגעצונדן די מלבושים פון דעם „מאָלאָטאָוו־קאָקטייל". דער רעשט צעלויפט זיך אין די טויערן, אין געוועלב־טירן פון שכנותדיקע הייזער, האָט מורא פון דאָרט דעם קאָפּ אַרויסצושטעלן.

אַכט אַ זייגער — אויפן אָפּעראַציע־פּלאַץ ביים יודנראַט דערשיינט גענעראַל סטראָפּ. ער נעמט איבער די קאָמאַנדע.

די פּעולה איז דערוויל אַ קנאַפּע.

קעגן דער ווידערשטאַנד־נעסט פון מילע־זאַמענהאָף לאָזט ער קודם אַרויס אַ פּאַנצער־אָפּטייל. פאָרויס דער שווערער פּאַנצער־וואָגן, נאָך אים צוויי לייכטערע טאַנקעטן.

און זע — די יינגלעך וואָס האָבן ביז היינט נישט בלויז מיט שווערע וואָפן נישט געהאַט צו טאָן, נאָר באַנוצן זיך ס'רוב צום ערשטן מאָל אין לעבן מיט געווער בכלל — זיי ווערן נישט נתפּעל.

זיי פאַרמאָגן געניג קאַלטבלוטיקייט כדי אויף דעם טאַנק צו לאָזן נאָענט אונטערקומען ביז צום אָרט, וווּ זיי זאָלן אים קענען דערלאַנגען מיט דעם וואָרף פון צינדפלעשער. זיי צילן גוט, דער וואָגן צינדט זיך אָן. אויפרייסן, טויטע און אָפּגעבריטע דייטשן. דער שונא באַווייזט קוים אָפּצוציען מיט די אַנדערע צוויי וועגענער, צווישן די וועגענער — די זעלנער, וואָס האָבן זיך ביז איצט באַהאַלטן אין די טויערן. זיי זענען אַנטלאָפן.

די נייע וואַרשעווער טאַנדייט, די מלחמה־גאַלאַנטעריע פון נאַלעווקעס און שווענטאָיערסקע, די קריגס־אינדוסטריע פון יידישע כאַלופּניקעס אין געטאָ — זי האָט באַוויזן אַז זי טויג צו עפּעס. די קוואַליטעט איז שוין געוואָרן אויסגעפּרוווט...

---

*) דער דייטשער אַמט וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן אַרויספירן קיין דייטשלאַנד דאָס פאַרמעגן נאָך די דעפּאָרטירטע אָדער דערהרגעטע יידן.

אין צװײ שעה אַרום — גענ׳ סטראָפּ װיל מאַכן נאָך אַ פּרוּװ. ער שיקט אַרויס אַ נײעם אָפּטײל. באַפעלט פאָרסירן דעם אַדורכגאַנג. אָבער אויך דאָס מאָל — פון בוידעם זאַמענהאָף־גאַס 29 — אַ נײער פײער־איבערפאַל.

... צי עס פּאַסט אים, צי עס פּאַסט נישט, מוז ער אויפגעבן דערװײל דעם שטורעם, דער דײטשער גענעראַל.

אָט קרײזט שוין אַן אַעראָפּלאַן איבערן געטאָ. ער אָבסערװירט און פּרעציזירט געװנוי די ערטער. מען שטעלט אָן זעניט־קאַנאָנען אויפן שטח מחוץ דעם געטאָ. ער הײבט אָן אַ באַשיסונג פון די הײזער, פון װעלכע עס איז געגאַנגען דאָס פײער פון די ייִדן. קאַמפן קומען פאַר ביז מיטיק אויך אויפן מוראַנאָװסקי־פּלאַץ. אויך דאָ פאַראַן — אַ סברה — אַ צעקלאַפּטער טאַנק, דײטשן טויטע און פאַרװונדעטע. אויך דאָ איז דער װידערשטאַנד דעם טאָג געבליבן נישט געבראָכן. אויך דאָ מוז סטראָפּ אָפּלײגן דעם המשך אויף מאָרגן.

האַלב 6 פאַרנאַכט נאָך איין „אומגעריכטער שטאַרקער װידערשטאַנד" — דאָס מאָל אויף פראַנטשישקאַנער־גאַס. דער אָפּהילך פון דער שלאַכט טראָגט זיך אויף ס׳נײ איבער דער גאַנצער שטאָט, איבער פּױלישע גאַסן. מענטשן װאָס האָבן זיך נאָך פאַרמיטיק נישט צוגעהערט צו די דעטאָנאַציעס, צום שטעפּן פון דעם מאַשין־געװער, װערן איצטער ערשט געװאָר דעם אמת. פאַראַן געהײמע ייִדן צװישן אָט די מענטשן.

*

— געכאַפּט דעם טאָג כמה וכמה ייִדן. דערפון געהרגעט, אַרויסגעשיקט אין לאַגערן — אַזוי פיל און אַזוי פיל. „צוליב דער צופאַלנדיקער טונקלקײט די אָפּעראַציעס פון דעם טאָג איבערגעריסן"...

אַזאַ איז דער נוסח פון דעם ערשטן דײטשישן באַריכט פון געטאָ־פראָנט.

„פאַרשטאַרקט די װאַכן אַרום די געטאָ־מויערן. אַרויס פון געטאָ;"

*

און מ׳האָט סדרים נאָך געפּראַװעט אין געטאָ יענעם מאָנטיק אין דער נאַכט — די ערשטע נאַכט פון אויפשטאַנד.

טיף אין בונקערס, אין דירות װיסטע, אין װעלכע מע באַװײזט זיך נאָר אין די הפסקות. צום לעצטן מאָל זענען געזעסן ייִדן בײ געדעקטע טישן. די הגדה געזאָגט.

און ס׳האָבן די מעשים תעתועים פון פרעהן אין מצרים זיך אויסגעמישט מיט דעם, װאָס עס האָט געטאָן דער רשע דער היטלער.

מעשה ברבי אליעזר ורבי יהושע, ורבי אליעזר בן עזריה ורבי עקיבא... װי יענע חכמים פון בני ברק האָבן װאַרשעװער ייִדן דערמאָנט אין דער נאַכט די נסים פון יציאת מצרים און גערעדט װעגן אַן אויפשטאַנד, געלויבט די מעשים פון די יונגע קעמפערס — פון מילע און פון זאַמענהאָף, פון נאַלעװקעס און סמאָטשע.

די בענקשאַפט זײערע צו גאולה איז געװען אין לשער. זײ האָבן געװוסט, אַז

זייער גורל איז אומצוקומען ביי דער שוועל פון אויסלייזונג. און זיי האָבן געזונגען און געוויינט. און ס'האָבן אַלט און יונג פאַראייניקט זיך אין דמיון מיט דעם באַפרייאונג־קאַמף פון די קדמונים. אַ טייל פון זיי מיט ייִדישער באַפרייאונג און דעם קאַמף פאַר אַן אייגן לאַנד.

*

אין אַ דירה אויף קורזשע־גאַס — אַמאָל קופּעצקע, שפּעטער מייזעלסאַ — האָט דעמאָלט געוווינט אַ רב. אויף דער גאַס פון וואַרשעווער רב און פריינד פון פּוילישן אויפשטאַנד אין יאָר 1863 — אַ נייער למדן מיטן זעלביקן נאָמען: מייזילש.

און ער האָט אַ גרוס פון ליבשאַפט צוגעשיקט פאַר די קעמפערס. ברכות הייסע און אויך פעקלעך מצות.

*

... די וואָס מיר זענען געווען דעמאָלט אין וואַרשע:

אייביק וועט זיך אונדזערע נאָזלעכער חלומען דער גערוך פון שריפה. אייביק וועלן מיר זען דעם סלופּ פון פייער און רויך וואָס האָט זיך געהויבן צום הימל יענעם פרילינג, אייביק וועלן מיר הערן דעטאָנאַציעס.

... און ווער עס קומט קיין וואַרשע — אַ ייִד — זאָל עולה־רגל זיין אַ ה י ן, צום אָרט ווו ס'האָבן אויסגעלאָשן זיך די שריפות און די לעבנס.

*

איבער גזימסן פון די הייזער זענען זיי געלאָפן, אויף שטריק געצויגן זיך, אויף רינעס, אויף ליילעכער — אַראָפּ, אַרויף.

דאָס שווערע האָט שוין איבער זיי נישט געהאַט קיין שליטה.

ווי כרובים האָבן זיי געשוועבט אין דער לופטן, איבער די דעכער ייִדישע, אין דער האַנט די שווערד.

דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געקאָנט אין זיי באַנייען.

זאָל נישט וואָגן קיינער זיי צונעמען צוריק ביים גאַנצן פאָלק.

זאָל קיינער זיך נישט אָנהענגען אין זייער כבוד.

זאָל קיינער נישט פּרוּוון זיי אַראָפּשלעפּן פון דער הייך.

זאָלן זיי ווייטער שוועבן איבער ייִדישע דעכער — אַזוי ווי זיי האָבן דעמאָלט געשוועבט — אין יענע טעג.

ביי אַנדערע פעלקער ווערן משפחה־נעמען אויף דענקמעלער, אויף געדענק־טאָוולען געקריצט. מיר זענען נישט אין שטאַנד צו געדענקען די משפחה־נעמען פון — מיליאָנען. אַפילו נישט פון די געפאַלענע אין קאַמף.

פאַראַן באַקאַנטע און פאַראַנען מער נאָך נאָמענלאָזע, אומבאַקאַנטע. מיר טאָרן נישט מחלק זיין צווישן זיי.

... די געדענק־טאָוולען זייערע זענען געקריצט — אין האַרץ פון גאַנצן פאָלק.

זייערע נעמען: אַברהם, יצחק, יעקב. שרה, רבקה, רחל, לאה.

אברהם זאַק / בועגאָס איירעס

# פון ציקל: „אין וואַרשעווער געטאָ“

I

## נ אַ ל ע ו ו ק ע ס

עס גרוילט מיט אַ לערקייט די גאַס איצט,
דער ברוק אַזוי ליידיק און ריין:
געוואַשן מיט יידישע טרערן,
געוואַשן מיט בלוט יעדער שטיין...

דו קוקסט אין דער זייט צו די בערגלעך —
געקייטלטע אַלע אין ריי.
אַ יעטוועדער ציגל דערמאָנט וואָס,
און שטימען, דוכט, פליסטערן: „שטיי!“

דו קריכסט אויף די בערגלעך, אויף ציגל.
אָט האָט זיך אַ קוסט גאָר צעבליט:
מסתמא דאָ אונטן געפונען
זיין אייביקע רו האָט אַ ייד.

אָט וואַלגערן אום זיך אויף ציגל
שיריים פון יידישן ז יי ן:
אַ שיסל, אַ בלאַט פון אַ חומש,
קאַראַפקע צו פסחדיק וויין.

אַ קינדעריש וויגל, אַ ן רעדלעך,
אַן איבערגעקערטס אויף דער ערד.
דעם קינד איז דורך פלאַמען צום הימל
אַרויפגיין געוועזן באַשערט —

— — — — — — — — — — — —

די נאַלעווקעס גרווילן מיט לערקייט,
דער ברוק אַזוי ליידיק און ריין:
געוואַשן מיט יידישע טרערן,
געוואַשן מיט בלוט יעדער שטיין.

## II

## אויפן גענשער בית־עולם

די טהרה־שטוב איז שוין נישטאָ דאָ,
קיין שול און קיין תפילות, קיין ייִד.
נישטאָ דער לוויות־געטומל,
נישטאָ דער בית־עולם־יאַריד.

עס שטאַרבן שוין מער נישט קיין ייִדן:
קיין ייִדן נישטאָ שוין פון לאַנג.
אַ שטומקייט. קיין „אל מלא רחמים".
אַ שטילקייט. קיין כליפּ נישט, קיין קלאַנג.

עס רוען די קברים אין עלנט,
זיי וואַרטן אויף עמעצנס אַ טרער.
אומזיסט! עס וועט קיינער נישט קומען,
קיין בלימל נישט ברענגען אַהער.

נישטאָ שוין מער אייערע נאָנטע —
זיי זענען שוין אַלע דאָרט הויך:
זיי זענען אַרויף אויפן הימל
דורך גאַזן, דורך פלאַמען, דורך רויך.

טאָ ליגט אייַך, איר קברים, אין גרינקייט,
טאָ ליגט אייַך אין אייביקער רו.
אַ ווינט נאָר וועט מאַכן הזכרה,
אַ ביימל נאָר שאָקלט זיך צו — — — —

מ. נודעלמאַן / ניו־יאָרק

# ווי אַזוי איך בין געלאָפן פון וואַרשע

אין די ערשטע טעג פון סעפטעמבער 1939 זענען הונדערטער טויזנטער ייִדן אַנטלאָפן פון וואַרשע; אַנטלאָפן אָן אַ באַשטימטן „וווהין"; אַנטלאָפן — ווו די אויגן טראָגן!

דאָס איז נישט געווען קיין ג ע צ וו ו נ ג ע נ ע ר גירוש; דאָס איז נאָך געווען אַ „פ ר ײ וו י ל י ק ע ר ג י ר ו ש־וו אַ ר ש ע"!

אויך איך בין, אין איינעם פון יענע פינצטערע טעג, אַוועק פון מיין היים־שטאָט, וואַרשע, און זיך אַריינגעקנוילט אינעם כאַאָטישן גלות־מאַרש פון די אומ־גליקלעכע לויפערס.

איך בין אַנטלאָפן מיט אַ רוק־זאַק אויף די פלייצעס!

דער רוק־זאַק איז ביי יעדן איינעם געווען דער סימבאָל פון „אויף דערווייל". מען אַנטלויפט, הייסט עס — אַזוי האָט מען געהאָפט — ביז דער פינצטערער וואָלקן וועט אַדורך; ביז עס וועט זיך „צוריק אויסלייטערן און עס וועט ווערן רויִקער", און מע וועט קענען צוריקקומען צו די נאָענטסטע און טייערסטע, וועלכע מע האָט אי־בערגעלאָזט אויף הפקר, און אין דער טראַגישער איילעניש נישט באַוויזן אַפילו זיי אַרומצונעמען און געבן אַ זיי־געזונט־קוש.

איצט איז יעדער פוילישער ייִד אַ חורבן־קאַפּיטל פאַר זיך, און אַלע קאַפּיטלען צוזאַמען קענען זיך פאַרמעסטן צו ווערן דער „איוב" פון אונדזער דור...

*

אין איינעם פון די פאַרטאָגן, אין די לעצטע טעג פון אויגוסט 1939, זענען געפאַלן די ערשטע באָמבעס אין געוויסע געגנטן פון וואַרשע.

איך געדענק, ווי אַ וואַרשעווער שרייבער האָט טעלעפאָנירט אינעם זעלבן פאַרטאָג צו זיינעם אַ פריינד, אים אויפגעוועקט פון שלאָף און מבשר־בשורה געווען, אַז נאָר וואָס זענען געפאַלן באָמבעס אין וואַרשע.

דער פריינד האָט אים צוריק־געענטפערט מיט אַ נאַיִוון „לאָמיך געמאַך! עס הייבט זיך נישט אָן! דאָס זענען געווען פּראָבן פון „אונדזערע" אַעראָפּלאַנען!"

איך געדענק דעם דאָזיקן עפּיזאָד זייער גוט, ווייל איך בין עס טאַקע געווען דער, וואָס האָט באַקומען דעם טעלעפאָן־רוף (פון שרייבער יוסף־שמעון גאָלדשטיין); און איך בין עס געווען דער, וואָס האָט נאַיִוו געגלייבט אַז „עס הייבט זיך נישט אָן".

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב געהאַט נאָך אַ סך אַזעלכע נאַיווע קאָנקורענטן.

*

אַ גרופּע פון דריי האָבן מיר זיך געהאַלטן ביים אַנטלויפן פון וואַרשע: דער שריפטשטעלער לעאָ פינקעלשטיין ע״ה, רעדאַקטאָר פון וואַרשעווער מיטאָג־בלאַט „ראַדיאָ״, שלום גאָטליב (איצט מיטרעדאַקטאָר אין ישראלדיקן „הארץ״; זיין נאָמען איז שלום ידידיה); דער דריטער בין איך געווען.

ווען מיר דריי זענען אַרויס פונעם וואַרשעווער בראַנד־פייער, האָבן מיר נישט געוווּסט ווו דער שטורעם־ווינט וועט אונדז פאַרטראָגן. זענען מיר, אין מיטן דער נאַכט, געלאָפן צופוס, און דערלאָפן ביז רעמבערטאָוו, הינטער וואַרשע.

ערשט אין רעמבערטאָוו האָבן מיר אָנגעהויבן צו טראַכטן, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן אונדזער גלות־מאַרשרוט אויף ווייטער.

מיר האָבן דאַן, צווישן זיך, געשאַפן אַ מין „קאָאָפּעראַטיוו״: באַשלאָסן צוזאַמענצולייגן אַלע „קאַפּיטאַלן״, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט זיך, כדי צו לעבן פון איין שיסל.

ווען ס׳איז געקומען די ריי אויף מיר, אַריינצוגעבן מיין חלק אין שותפות, איז דער קאָאָפּעראַטיוו געבליבן שטיין פאַר אַ פּראָבלעם: איך האָב נישט געהאַט גענומען מיט זיך קיין איין גראָשן מזומן.

אין פּאַניק פון אַנטלויפן, האָב איך געכאַפּט מיט זיך מיין „פּע־קאַ־אָ״־ביכל (פּוילישע מלוכהשע שפּאָר־באַנק). האָב איך דעריבער גענומען טרייסטן מיינע צוויי חברים, און געמאַכט פאַר זיי דעם פּלאַן:

„נישט געזאָרגט! איך האָב מיט זיך, צום גליק, אַ באַנק־ביכל, וואָס גיט מיר די מעגלעכקייט אָפּצונעמען געלט אין יעדער פּוילישער שטאָט! אמת, קיין גרויסע קאַפּיטאַלן זענען אינעם ביכל נישטאָ, אָבער עס וועט קלעקן פאַר אונדז דריי צו דעקן אַלע אויסגאַבן אויפן גאַנצן וועג. אַפילו ווען איר ביידע וואָלט נישט געהאַט מיט זיך קיין געלט, וואָלט דאָס ביכל אונדז אויך געראַטעוועט; ס׳איז אַן אייזערנער קאַפּיטאַל!״

און צוליבן ביכל האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו לאָזן צופוס קיין מינסק מאַזאָוויעצק, — דאָס ערשטע שטעטל, ווו עס איז פאַראַן אַ באַנק־אָפּטיילונג.

אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט אונדזער צופוס־רייזע. פאַרטאָג זענען מיר בשלום אָנגעקומען קיין מינסק מאַזאָוויעצק.

צום פענצטערל פון דער באַנק זענען מיר צוגעקומען מיט צוויי שעה פריִער, ווי מען עפנט עס געוויינטלעך. מיר האָבן אָבער פאַרשפּאָרט צו וואַרטן — די באַנק איז געווען אויפגעפּראַלט. נישטאָ קיין באַלעבאָס און נישטאָ קיין שומר. די באַנק האָט שוין מער נישט עקסיסטירט! אויך אין די ווייטערדיקע שטעטלעך האָבן די בענק אַזוי אויסגעזען.

אונדזער נאַיִוויטעט האָט אָבער אָנגעהאַלטן, און אין יעדער שטאָט האָבן מיר פּרובירט: „טאָמער, דאָך״?

מיר זענען געבליבן אָן געלט, אָבער — מיט אַ באַנק־ביכל!...

*

אויף אונדזער צופוס־וועג, אויפן שאָסיי קיין מינסק מאַזאָוויעצק איז אונדז געשען אַ גליק.

ס׳איז שוין געווען פּאַרטאָג, ווען בערך צוויי קילאָמעטער הינטער מינסק מאַ־זאָוויעצק איז אונטערגעקומען אַ פויער מיט אַ וואָגן, וואָס איז געפאָרן אין שטעטל אַריין.

דער פויער האָט מסכים־געווען, פאַר אַ געוויסן פּרייז, אַרויפצונעמען אויפן וואָגן די דריי פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן זיך געשלעפּט ווי מידע פערד.

גראָד זענען אויך אונטערגעקומען צוויי פּוילישע פּאָליציאַנטן, האָבן זיי זיך שוין אַרויפגעכאַפּט אויפן וואָגן.

נאָכן אָפּפאָרן צוזאַמען אַ קליינע שטרעקע, האָבן זיך באַוויזן עטלעכע אַעראָ־פּלאַנען, וועלכע זענען געפלויגן אַזוי הויך, אַז זיי האָבן אויסגעזען ווי שטערן.

די צוויי פּאָליציאַנטן האָבן, האָפערדיק זיך געגומען דורכשמועסן:

— נאַשע סאַמאָלאָטי! (אונדזערע אַעראָפּלאַנען).

— נאַשע! נאַשע!

דער שמועס איז נישט־לאַנג אָנגעגאַנגען, ווייל „אונדזערע אַעראָפּלאַנען״ האָבן גענומען האָגלען מיט באָמבעס.

די צוויי העלדישע פּאָליציאַנטן האָבן זיך נישט פאַרלוירן, און האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, — אַראָפּצושיסן די דייטשע באָמבערס.

איינער פון די פּאָליציאַנטן, וואָס האָט געטראָגן אויפן אַקסל אַ ביקסל, האָט גענומען צילען צום הימל, און אַרויפגעשאָסן מיטן ביקסל...

דער צווייטער פּאָליציאַנט האָט בלויז געהאַט אַ רעוואָלווער; האָט ער אויך אָנגעהויבן צו שיסן מיט גרויס כוונה צו די הויכקייטן פון הימל.

אַזוי ווי די „שלאַכט״ האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן מיר דריי זיך איבערגע־וווּנקען: „לאָמיר נישט זיין אויף ד ע ר חתונה!...״ מיר זענען אַלע דריי אַראָפּ פון וואָגן און האָבן זיך פונאַנדערגעלייגט אויפן קאַרטאָפל־פעלד און באַשיצט אונדזערע קעפּ פון באָמבעס מיט — קאַרטאָפל־בלעטער...

ווען די דייטשישע אַעראָפּלאַנען האָבן זייערס אָפּגעטאָן און צוריקגעפלויגן אויף זייערע באַזעס, האָבן מיר זיך צוריק אַרויסגעקאָפּעט פון אונדזערע באַהעל־טענישן, און זיך ווייטער געלאָזט אין אונדזער מאַרש.

די צוויי פּאָליציאַנטן, וואָס זענען געווען באַוואָפנט מיט נ אַ י ו י ט ע ט, פּלוס אַ ביקסל און אַ רעוואָלווער, האָבן מיר שוין נישט געזען.

*

די מאַפּע פון אונדזער גלות־מאַרש האָט זיך, ווי פון זיך אַליין, אָנגעצייכנט. דער בלינדער גורל האָט אונדז פאַרקערעוועט אין דער ריכטונג פון שעדלעץ, לוקאָוו, מעזריטש, ביאַלע פּאָדלאַסקע, ביז בריסק.

וואָס עפּעס דווקא ביז בריסק? — אויך אין ד ע ם פּאַל האָט די טראַגישע נאַיִוויטעט גענומען דאָס וואָרט. די לויפערס האָבן „אויסגערעכנט", אַז די פּוילישע רעגירונג, וואָס איז אַנטלאָפן פון וואַרשע, וועט לויפן קיין בריסק און אין בריסק וועט די רעגירונג (מיט דער הילף פון פראַנקרייך און ענגלאַנד) געבן אַזאַ מעכטיקן קלאַפּ דעם דייטש, אַז ער וועט האָבן דעם קלאַפּ אויף אייביק צו געדענקען...

*

צווישן מעזריטש און ביאַלע פּאָדלאַסקע געפינט זיך (האָט זיך געפונען!) אַ שטעטל מיט אַ געדיכטער יידישער באַפעלקערונג — לאָמאַזי.

פּוילישע יידן האָבן עס פאַרצויגן אויף „לאָמאַאַאַז".

מיר זענען אָנגעקומען אינעם דאָזיקן שטעטל אין אַ פרימאָרגן, ווען דער הימל איז געווען געדיכט פון עראָפּלאַנען, די לופט איז געווען הייס פון באָמבעס און די שאָסייען זענען געווען פאַרבלוטיקט פון קרבנות.

אָבער צו אונדזער גרויסער איבערראַשונג האָבן מיר געטראָפן דאָס גאַנצע שטעטל אין אַ נאָרמאַלן צושטאַנד, ווי „קיין מאָל גאָר נישט".

אָנשטאָט צו טרעפן די איינוווינער פאַרשטעקטע אין די שוץ־קעלערן, האָבן מיר די גאַנצע באַפעלקערונג — סיי יידן און סיי פּאָליאַקן — געטראָפן אין מיטן מאַרק. מע האָט געהאַנדלט און געשמועסט און געהיצט זיך אין דיסקוסיעס.

נאָך מער: דייטשישע עראָפּלאַנען זענען פאַרבייגעפלויגן נידעריק, כמעט ווי איבער די דעכער פון די צוזאַמענגעפרעסטע הייזקעס, און די פאַרזאַמלטע האָבן אויפגענומען די פאַרבייפליענדיקע „געסט" מיט אַ גלייכגילטיקן בליק, פּונקט ווי היימישע שטעטלשע טויבן וואָלטן געפלויגן פון איין דאַך־נעסט צו דער צווייטער.

מיר זענען געבליבן שטיין אויפן מאַרק ווי געליימט און נישט געוווּסט, וואָס דאָ קומט פאָר. נאָך די שריפות, וואָס מיר האָבן געלאָזן הינטער זיך, האָט דאָס שטעטל לאָמאַזי אויסגעזען ווי אַ מקום פון אַ פרעמדער פּלאַנעטע.

עס האָט נישט גענומען לאַנג, און איינער פון די יידישע תושבים פון שטעטל האָט פאַר אונדז געלייזט דאָס רעטעניש:

„מיר פילן זיך אין לאָמאַז זיכערער ווי אין אַלע אַנדערע שטעטלעך! איר האָט דאָך אַליין געזען ווי דייטשישע מחבלים זענען געפלויגן איבער די דעכער און זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום שליטה איבער אונדז! דער כוח פון לאָמאַז ליגט אין דעם, וואָס מיר האָבן געהאַט אַ לאָמאַזער רבין, און דער צדיק אונדזערער דער־לאָזט נישט, אַז ביי זיינע חסידים זאָל, חלילה, געשען עפּעס שלעכטס! אינעם זכות פון לאָמאַזער רבין וואַרעמען זיך אויך די גויים, זיי געניסן שוין אין איינוועגס פון אונדזער זיכערקייט. מיר באַדויערן בלויז, וואָס די אַנדערע שטעטלעך, ווו עס ברענט איצט, האָבן נישט זוכה געווען אויך צו האָבן אַזאַ צדיק אין זייערע ד' אמות!"

אָבער אונדז האָט דער גורל געיאָגט װײַטער אין נאָך טויזנט און איין שטאָט, און מיר האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך אומצוקוקן, צי דער נס־לאָמאַז האָט טאַקע װײַטער אָנגעהאַלטן.

אָבער מיט יאָרן שפּעטער, װען איך האָב מיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן אויפן גורל פונעם דאָזיקן שטעטל, האָב איך באַקומען דעם זעלבן טויטן גרוס, װי פון אַלע אַנדערע שטעטלעך.

די טראַגישע נאַיִוויטעט האָט דאָרט בלויז אויף עטלעכע טעג געראַטעוועט ס׳געמיט פון די איינוווינערס, אָבער די איינוווינער גופא האָבן זיך נישט גע־ראַטעוועט...

*

אַ פּייער האָט פאַרשטעלט דעם װעג און מיר זענען ביז צום „אויסגעחלומטן״ בריסק נישט דערגאַנגען.

מיר זענען צוריקגעקומען קיין װאַרשע, גלייך אין די רוצחישע לאַפּעס אַריין.

געקומען פון פּייער — צום פּייער.

שוין געטראָפן אַ חרובע װאַרשע, פון װעלכער כ׳בין װידער אַנטלאָפן!

אויף דזשעלנע גאַס איז געווען אַ ייִדיש פאָלקס־טעאַטער, — „סקאַלאַ״־טעאַטער. אין די לעצטע טעג פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה איז אין „סקאַלאַ״ גע־שפּילט געוואָרן אַ פּיעסע מיטן נאָמען: „אין לעבן טרעפט אַלץ״. װען כ׳בין צו־ריקגעקומען איז שוין די „סקאַלאַ״־געביידע נישט געווען. געווען אַ באַרג מיט ציגל. די טיר פון דער געביידע איז געווען אַראָפּגעריסן און איז געלעגן אויפן ציגל־באַרג.

דער טאָוול־אַפּיש האָט נאָך געהאָנגען אויף דער אָפּגעריסענער טיר און זיך געוויגט אויפן ווינט און אַזוי אַרום רעקלאַמירט די בלוטיקע דראַמע: „א י ן ל ע ב ן ט ר ע פ ט א ַ ל ץ !״...

*

און װידער בין איך אַוועק פון װאַרשע מיטן רוק־זאַק אויף דער פּלייצע, אויף אַ שווערן און לאַנגן גלות־מאַרש פון װאַרשע ביז סיביר.

דאָס מאָל האָב איך שוין מיין רוק־זאַק איבערגעלאָזט אויפן װעג; איבערגע־לאָזט ערגעץ צווישן ביאַליסטאָק, מינסק און מאָסקווע!

צווישן מאָסקווע־אָדעס־באַקו־קראַסנאָוואָדסק־טאַשקענט!

אפשר איבערגעלאָזט אויפן װעג: אַשכאַבאַד־נאָוואָסיבירסק־אַקמאַלינסק־קאַ־ראַגאַנדאַ?

אָדער — אפשר גאָר: װאָלאָגדאַ־סווערדלאָווסק־אָמסק ? !...

יאָ, דער װעג איז געווען אַ שווערער, אַ לאַנגער.

שלמה ראָזענבערג / ניו־יאָרק

# פינצטערע טעג

נישט צו וויסן טייל מאָל פון וואַנען און פון וואָס, זאָגט אייך דאָס האַרץ אָן אַ גוטע אָדער, חלילה, אַ שלעכטע בשורה. עס איז אַ נישט דערקלערבאַרע קראַפט, אַ כוח וואָס איז למעלה מן השכל. מיר האָט דאָס האַרץ אָנגעזאָגט, צוויי יאָר פאַר דער גרויזאַמער צווייטער וועלט־מלחמה, דעם אומקום פון פוילישן ייִדנטום.

אין זומער 1937 בין איך געווען צום לעצטן מאָל אויף אַ באַזוך אין פוילן. אַלס מיין שטענדיק וווינאָרט האָב איך פוילן געהאַט פאַרלאָזט סוף זומער 1932, ווען איך בין געוואָרן סעקרעטאַר ביי שלום אַשן אין ניצע.

ביז 1932 האָב איך געוווינט אין וואַרשע, געווען אַ מיטאַרבעטער אין „היינט", נישט קיין סטאַבילער. ווען איך האָב נישט „מיטגעאַרבעט", האָב איך געמאָסטן די טייערע ייִדישע וואַרשעווער גאַסן. אויפן ווויליינגערישן לשון האָט עס געהייסן: „זיין אַן אינזשעניר". די וואַרשעווער ייִדישע גאַסן האָבן דעמאָלט געקאָכט און געזאָטן מיט קאָלירפולן ייִדישן לעבן. ייִדן האָבן געפייפט אויף די ענדעקעס און אויף די כוליגאַנישע ענעראָוצעס, די טרויעריק־באַרימטע זשילעטקע־העלדן.

אָבער ווי זאָגט אַ ווערטל: דער וואָרעם ליגט אין כריין, מיינט ער אַז ס'איז קיין זיסערס נישטאָ. די פוילישע ייִדן האָבן נישט געפילט, אָדער אפשר געמאַכט זיך נישט פילן, ווי ביטער עס איז צו לעבן צווישן אַזעלכע שכנים. נישט קיין וווּנדער: דאָס זענען געווען גוטפריינטשאַפטס־יאָרן (אָך־און־וויי) צווישן פוילנס (ס אַ) ־ נ אַ צ י ע און די דייטשישע נ אַ צ י ס — אַ לשון נופל על הלשון.

דער פעלדמאַרשאַל הערמאַן געריגג, מיטן פוד מעדאַלן אויף דער אויסגע־שטעלטער ברוסט און פּולקאָווניק בעק, דער עלעגאַנטער פוילישער אויסערן־מיניסטער, זענען צוזאַמען געגאַנגען אויף יאַגד אין די ביעלאָוועזשער וועלדער, און בשעת־מעשה האָט שוין דער ברוטאַלער דייטש געמאַכט זיינע טרפהנע חשבונות, וויפל ער וועט פון די דאָזיקע וועלדער און בכלל פון גאַנץ פוילן קענען אַרויסציִען.

די וועלט איז געווען בלינד, דאָס פוילישע פאָלק — בלינד און טויב און איז ווי אַ ראָבאָט געגאַנגען אין שפּאַן און האָט זיך אויסגעלערנט די טמאדיקע תורה פון זיין בלוטדורשטיקן אַרצי־שונא, דעם דייטש.

אָט אין אַזאַ אַטמאָספערע האָבן עס דעמאָלט געלעבט די פוילישע ייִדן און זיי האָבן נישט געאָנט וואָס פאַר אַן אומגליק עס רוקט זיך אָן אויף זייערע קעפּ. כאָטש סימנים זענען געווען בולטע, אַז אַ בלינדער האָט זיי געקענט אָנטאַפּן: דער

פּאָגראָם אין בריסק, די מעשׂה־פּזשיטיק, די געטאָ־בענק אין די אוניווערסיטעטן, וכדומה. עס איז געװען אַזאַ געדיכטע שׂנאה, אַז מען האָט געקענט דערשטיקט װערן פֿון איר גיפטיקער אויסדעמפונג. עס זענען דעמאָלט געװען גענוג װעגן אַרויסצוראַטעװען זיך פֿון דער דאָזיקער פֿײַנטלעכער אַטמאָספֿערע — עס זענען אין יענע טעג אָפּגעגאַנגען פֿולע צוגן מיט יונגעלײַט און מײדלעך, דורך דער רומע־נישער גרענעץ, קײן ארץ־ישׂראל. האָט דאָך אָבער אונדזער „גוטער פֿרײַנד", דער ענגלענדער, אײַנגעפֿירט סערטיפֿיקאַטן, אַרויסגעגעבן „װײַסע פּאַפּירן" און געהאַ־מעװעט די „עװאַקואַציע" פֿון פּױלישן ייִדנטום פֿאַרן אַנציִענדיקן הונען־שבט פֿון יענער זײַט גרענעץ. איך האָב די שװידערלעכע קאַטאַסטראָפֿע געזען אין יעדן פּאָ־ליאַקס אויגן, אין זײַן „װאַרט, װאַרט, זשידקו, דער חשבון מיט אײַך קומט!"...

װאָס פֿאַר אַ חשבון, װען חשבון?! װאָס האָט עס פּױלן צוגעלײגט צום ייִדישן שכן, װעלכער האָט דאָס לאַנד רײַך געמאַכט און געהאָלפֿן אַנטװיקלען? ייִדן האָבן געבויט פּױלנס באַנען, פּױלנס טעקסטיל־פֿאַבריקן און האָבן פֿאַרשפּרײט די פּױלי־שע סחורות װײַט און ברײט איבער דער גאַנצער װעלט, אַזש אָנגעשפּאַרט ביזן טיפֿן סיביר. זײ, די פּאָליאַקן, האָבן אָבער כּסדר געװאָלט זיך „אָפּחשבונען", און װאָס זײ האָבן נישט באַקומען לויט חשבון, דעם פֿאַלשן חשבון, האָבן זײ גענומען בגזלעװאַניע.

איך האָב דאָס געפֿילט און װײטיקדיק איבערגעלעבט. איך האָב פּשוט גע־קראָגן אַ מאַניע אַזאַ, אַ דיבוק האָט זיך אין מיר באַזעצט, אַז װוּ איך האָב באַגעגנט אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, צי סתּם אַ פּאָליאַק מיט אַ לײַטישן אויסזען, האָב איך זיך געמוזט אַ פֿרעג־טאָן: „װעט ער אויך פּעיִק זײַן מיך צו שעכטן, װען זײַן צײַט װעט קומען?"

איך בין אין זומער 1937 געפֿאָרן צוגאַסט צו מײַן פֿרױס עלטערן קײן סטרי־קאָװ, לעבן לאָדזש. זײ האָבן דאָרט געהאַט אַ פֿאַבריק — אַ װאָל־װאַשערײַ און גאַרבערײַ, װוּ עס האָבן געאַרבעט צענדליקער פּאָליאַקן. אַלע אַזעלכע הכנעהדיקע. מיך, דעם אײדעם פֿון דעם רײַכן ייִד ר' אַבֿרהם דוד פֿראַשקער, װעמענס הויף מען האָט אין שטעטל גערופֿן „דער קײסערלעכער הויף" האָבן די גויִים גערופֿן „פּאַן בוכהאַלטער", אַ טיטול װאָס איז מיר פֿאַרבליבן פֿון יענע צײַטן, װען איך בין אין דער דאָזיקער פֿאַבריק געװען דער בוך־פֿירער. האָב איך אין דעם זומער אָנגע־קוקט די דאָזיקע הכנעהדיקע גויִים און װידער, װי אַ באַזעסענער, זיך געפֿרעגט: „װעלן זײ, װען זײער «חשבון»־טאָג װעט קומען, שאַנעװען זײערע ייִדישע ברױט־געבערס, װעלכע האָבן שטענדיק געדענקט אויף זײער קריסטלעכע חגאות זײ צו געבן מתּנות, מיט אַ צולאָג פֿון אַ פֿלאַש װאָדקע"?.

נײן!... — איז געקומען דער ענטפֿער אין מײַן האַרץ. איך האָב דעם ענטפֿער געזען אין זײערע שפּאָטישע און באַהאַלטן־חוצפּהדיקע בליקן.

און זײ האָבן נישט געשאַנעװעט!

אַזױ האָט דעמאָלט אויסגעזען אין יעדן פּױלישן שטעטל און גרעסערער שטאָט, װאַרשע אַרײַנגערעכנט. אין דער דאָזיקער שנאהדיקער אַטמאָספֿערע האָבן ייִדן

איינגעאָטעמט דעם גיפטיקן אויסדאַמף, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די שונאים, מיט וועלכע אונדזערע אָבות־אַבותינו האָבן געלעבט אַרום טויזנט יאָר. געהאָלפן זיי מאַכן די „פּאָווסטאַניעס“, געהאַט אַפילו אַן אייגענעם פּולק אונטער דעם באַרימטן פּולקאָווניק בערעק יאָסעלעוויטש, שפּעטער געקעמפט אין זייערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען קעגן דעם פּאַרהאַסטן מאָסקאַל פאַר „אונדזער און אייער פרייהייט“...

פּאַלש איז דער פּאָליאַק געווען אייביק; אַזוי פאַלש ווי ברוטאַל עס איז געווען דער דייטש, דער אוקראַינער, דער לאַטיש און דער ליטווינער — אַלע האָבן זיי אָנטיילגענומען אין אויסמאָרדן אונדזערע זעקס מיליאָן ברידער און שוועסטער.

איך האָב עס באַזונדערס געפילט יענעם זומער 1937, בעת דעם לעצטן באַזוך מיינעם און איך האָב פּוילן אַזוי ליב געהאַט, ווייל מיין וויגל איז דאָרט געשטאַנען און אויך דאָס וויגל פון מיינע טאַטע־מאַמע, זיידע־באָבע, ביז העט אין די ווייטע דורות אַריין. איך האָב דאָס גרעסטע ווערק פון זייער ליטעראַטור, די „פּויערן“, איבערגעזעצט פאַר יידן אויף יידיש; דאָס ווערק, פאַר וועלכן דער מחבר וולאַדיסלאַוו סטאַניסלאַוו ריימאָנט האָט באַקומען דעם נאָבעל־פּריז.

אָט דערמאָן איך זיך אַן עפּיזאָד:

עס איז געווען אַ שטילער, הייסער אויגוסט־אָוונט. איך בין געגאַנגען איבער לעשנאָ־גאַס צום ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13, פאַרטראַכט אין מיינע רעיונות. מיט אַ מאָל — אַ געוואָי פון סירענעס. די פּוילישע רעגירונג האָט פאַראָרדנט אַ פּראָבע־אַלאַרם. מן־הסתם האָט מען שוין אין די הויכע פענצטער געשפּירט, נאָך אין 1937, אַז מען קען מיטן מערבדיקן (צי אפשר מיטן מיזרחדיקן) שכן נישט זיין צו זיכער, כאָטש דער גראָבער בולדאָג, הערמאַן געררינג, האָט צוזאַמען מיטן פּוילישן אויסערן־מיניסטער בעק אָנגעפירט אַ געיעג אויף ווילדע חיות אין די ביעלאָוועזשער וועלדער. דער פּראָבע־אַלאַרם האָט אָנגעיאָגט אויף אַלעמען אַ געוואַלטיקע מרה־שחורה.

עס זענען אויסגעלאָשן געוואָרן אַלע לאַמטערן. עס איז געווען אמתער „וימש חושך“. מענטשן האָבן זיך אין פלוג שטאַרק דערשראָקן: אַ קשיא אויף אַ מעשה! און מען האָט אָנגעהויבן לויפן און פאַלן איינע איבער די אַנדערע. צו מיין אויער האָט זיך דערטראָגן דאָס זלידנע זשומעריי פון דער זילב זש...זש... — זשידזשי (יידן)... די אַנאָנימע פּאָליאַקן (ווייל כ׳האָב זיי אין דער פינצטער נישט געקענט זען) האָבן באַצייטנס געוואָרטשעט: „איבער די יידן ווילן די דייטשן אַ מלחמה קעגן דער „אויטשיזנע“ (פאָטערלאַנד); אָך־און־ווי וועט זיין צו זיי (צו די יידן), ווען זייער מלחמה וועט זיך אָנהייבן!“...

עס איז אין מיר פאַרקילט געוואָרן דאָס בלוט: אָט דאָס איז עס! אַזוי וועט אויסזען, ווען — חלילה — עס וועט קומען צו אַ מלחמה! איך האָב געקראָגן בזעיר אנפּין אַ שטיקל בילד, צו וואָס פאַר אַ גרויזאַמער פּראָפאָרץ די רשעות צו יידן וועט דערגרייכן.

צומאָרגנס האָב איך ווידעראַמאָל געהאַט אַ מין מוסטער, ווי אַזוי די פּאָליאַקן

װעלן זיך באַציִען צו אונדז בײַ יעדער סומאַטאָכע. דאָס מאָל איז עס געװען אַן עפּיזאָד מיט פּױלישער פּאָליצײ.

אין הױף, װוּ איך האָב צײַטװײַליק געװױנט בײַ אַ פֿרײַנד, אױף נאָװאָליפּיע גאַס, איז פֿאָרגעקומען אַ געשלעג. דעם סטרוזשס זונדל האָט זיך אָנגעשיכורט און אָנגעהױבן שלאָגן ייִדן, די אײַנװױנערס פֿון „זײַן" הױף. מ׳דאַרף דערבײַ געדענקען, װאָס פֿאַר אַ װיכטיקע „פּערזענלעכקײט" אַ פּױלישער סטרוזש אין װאַרשע איז געװען: געלעבט און געמאַכט געלט — פֿאַר אַרײַנלאָזן נאָך 10 אַ זײגער בײַנאַכט אין הױף האָט ער בעיקר פֿון ייִדן באַקומען אין „יד אַרײַן", און פֿײַנט געהאַט האָבן סטרוזשעס די ייִדן מער פֿון אַנדערע פּאָליאַקן. זײער שנאה איז געקומען פֿון קנאה צו די ייִדישע שכנים, װעלכע ער, דער פּאָליאַק, דאַרף באַדינען.

נו, אַז דאָס געשלעג איז אױסגעבראָכן, איז אַלאַרמירט געװאָרן די פּאָליצײ. לאָגיש, האָבן די ייִדישע אײַנװױנערס פֿון הױף געדאַרפֿט פֿרײער אָפּטעמען: עס קומען דאָך זײערע באַשיצערס קעגן דעם שיכורן שגץ! אָבער װען די פּאָליצײ איז אָנגעקומען, האָבן די דאָזיקע „באַשיצערס" געלאָזט אין גאַנג זײערע גומענע פּאַל־קעס איבער ייִדישע קעפּ. איך בין גראָד אָנגעקומען פֿון גאַס און נישט געװוּסט װאָס ס׳קומט פֿאָר. איך האָב נאָר געזען װי פּאָליציײַישע פּאַלקעס הײבן זיך און פֿאַלן אױף ייִדישע קעפּ, און געװאַלדן טראָגן זיך ביז די הימלען. דורך אַ נס האָב איך אין צײַט אָפּגעװענדט מײַן קאָפּ פֿון אַזאַ שטעקן.

װען די פּאָליצײ איז אַװעק, זענען אין הױף געבליבן אַ פּאָר פֿאַרװוּנדעטע ייִדן, עטלעכע ייִדן האָבן זײ אַרעסטירט, אָבער דעם שגץ, דעם שלעגער, האָט מען נישט געטשעפּעט: ער איז אַ פּאָליאַק!

עס איז טרױעריק געװאָרן אױפֿן האַרץ און איך האָב שױן אָנגעהױבן צײלן די טעג, װען איך װעל אױפֿזיצן אױף דער באַן, װאָס װעט מיך אַװעקפֿירן פֿון דעם דאָזיקן לאַנד פֿון שנאה.

אָבער צום טרױעריקסטן איז מיר געװען, װען כ׳בין שױן געזעסן מיט מײַן פֿרױ און קינד אין דער באַן, װאָס גײט דירעקט קײן װענטימיליא (איטאַליע), אַ האַלבע שעה פֿון ביצע: מײַן שװער, ר׳ אברהם דוד פּראַשקער, הי״ד, האָט אונדז באַגלײט פֿון סטריקאָװ קײן לאָדזש, אַ דרײַ פֿערטל שעה רײזע. װען ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט, האָט ער פֿלוצלינג אַ כאַפּ־געגעבן מײַן האַנט און זי אַ קוש געטאָן. איך האָב אין אים אין דער רגע דערפֿילט װי עפּעס אַ פֿאַרלױרענעם װאָס זוכט שוץ בײַ מיר. די שרעק האָט אין דעם דאָזיקן ייִד שױן באַצײַטנס זיך געהאַט אַזױ אײַנגעגעסן אַז ער האָט דערפֿילט, װי מיט מײַן אַװעקפֿאָרן לאָז איך אים איבער אױף הפקר.

טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אױגן און איך האָב אַ טראַכט געטאָן: אױף װעמען לאָז איך אײַך טאַקע איבער, מײַנע טײַערע און נאָענטע? אױף װעמען לאָז איך איבער מײַנע טײַערע שוצלאָזע פּױלישן ייִדן?!

דאָס האַרץ האָט מיר קײן גוטס נישט אָנגעזאָגט.

משה גראָסמאַן / תל אביב

# אין יענער צייט – אויף יענער זייט...

שמעון האָראָנטשיקס טראַגיש אַוועקגיין

פאַראַן שוין אַ גרייטע פאָרשטעלונג וועגן דעם אויסזען פון אַ שרייבער. מען גלייבט אין דער פלאַנמעסיקייט פון דער נאַטור — באַשאַפט זי אַ מענטש וואָס וועט זיין אַ קצב — איז שוין זיין אויסזען אַנטשפּרעכיק געשטאַלטיקט. שוין אין די קינדער־יאָרן קען מען, הייסט עס, פעסטשטעלן, מיט וואָס פאַר אַ בן־אָדם מען האָט צו טאָן. דאָס זעלבע, לאָמיר זאָגן, ביי אַ פילאָסאָף — זיין פּנים איז פאַרגייס־טיקט. מען זעט עס אין די אויגן, אין גאַנג, אין דער האַלטונג. אַזוי אויך, מסתמא, ביי שרייבערס. אמת, די נאַטור קאַפּריזעוועט זיך אַ מאָל, לאָזט אַ מאָל אַרויס אַ בלויזע דעקאָראַציע — איר זעט פאַר זיך אַ פּנים פון אַ פילאָסאָף — און ער איז גאָר דער סאַמער דורכשניטלעכסטער פיליסטער — אויב נישט נאָך נידעריקער. אָבער בדרך כלל גלייבט מען אין אַ געוויסער פלאַנמעסיקייט און קאָמפּאָזיציאָנע־לישקייט פון דער האַרינטע נאַטור.

צי איז עס אַזוי? צי איז אַזאַ אויסנעם־דערשיינונג בלויז אַ דורכברוך פון אַ נאַטור־געזעץ, אַן אָפּווייכונג פון אַ פּלאַנירטן באַשאַף־סיסטעם, צי אַנדערע סיבות הערשן און באַווירקן דאָ?

שמעון האָראָנטשיק האָט שטענדיק געליטן פון זיין אויסערלעכן מגושמדיקן אויסזען. העכער פון מיטלוווקס, אַ צעגאָסן, צערונען פּנים, דיספּראָפּאָרציאָנעל, מיט אַ ליידיקן, נאָכהענגענדיקן גוידער, אַ ציגל־רויטע, אַפּאָפּלעקטישע פאַרב, קליינע, גרויע, אומרויִקע אויגן. דער קערפּער — ווי אַן אומגעלומפּערטער, אָנגעפּאַקטער זאַק. און דער גאַנג אַזוי אומגעלומפּערט. דער טריט אַ נישט־דעצידירטער, שטעלט אַ פוס און האָט חרטה, ווייל אים צוריקציִען — איבערגעשראָקן.

ער וועט אַראָפּוואַרפן דאָס צעקנייטשטע קאַשקעטל, וואָס פאַרשאַרפט נאָך מער דאָס אויסזען פון אַ משונהדיק איבערגעפּאַקטן פאַרשוין. גייט ער אַריין אין אַ געשעפט אויף נאָוואָליפּקי 6 זיך קויפן אַ קאַפּעליוש. ער מעסט, קלייבט זיך צו, איז אַ ביסל פאַרלוירן. דער עקספּעדיענט ווערט אויפגערעגט:

— רב ייִד, דער־אָ קאַפּעליוש דאַרף אייך קליידן, גראַנאַט איז נישט פאַר אייך, איר זענט דאָך אַ קצב, יאָ?

דאָס פּנים, דער קאַרק, דער קאָפּ — אַלץ האָט זיך אין אים פאַרגאָסן מיט

בלוט, די אויגן אויך. ער לאָזט ליגן די אַלע היט אויפֿן בופֿעט, כאַפּט דאָס קאַש־קעטל זײַנס און לויפֿט אַרויס פֿון געשעפֿט...

ער אָטעמט שווער.

איך טרייסט אים:

— האָראָנטשיק, קוקט זיך גוט אײַן אין בילד פֿון באַלזאַקן, וועט איר זען, אַז איר זענט געראָטן מיטן אויסזען אין אים, שטאַרק געראָטן.

ער כאַפּט מיך אָן בײַם אָרעם, לענט זיך אויף מיר אָן, צוגעדריקט. איך זאָג אים שטיל און פֿײַערלעך:

— און אויב איר ווילט וויסן — איז נישט נאָר אײַער אויסזען, נאָר אײַער שרײַבן — איז אויך געראָטן אין באַלזאַקן.

נעמט ער אַפּיר זײַן האַנט פֿון מײַן אָרעם, בלײַבט שטיין, קוקט מיך אָן. די אויגן האָבן זייער פֿאַרב געביטן, שוין נישט גרוי, נאָר בלוי — דאָס איז אַוודאי צוליב די טרערן.

נאָך אין דעם טאָג האָט ער אָנגעשריבן 40 זײַטלעך פֿון אַ ראָמאַן.

מיט עטלעכע יאָרן פֿאַר דעם האָט מען אים באַעוולהט — נישט קיין עקספּע־דיענט אין אַ הוט־געשעפֿט, נאָר אַ ליטעראַטור־קריטיקער — אָנגעשריבן אַ שלעכ־טע רעצענזיע וועגן זײַנס אַ בוך. איז ער געקומען דאַן אין רעדאַקציע „ליטעראַרישע בלעטער", זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, אַרויסגענומען אַ פֿלעשעלע יאָד און עס אויסגעטרונקען.

קען ער נישט זײַן דאָס וואָס ער האָט געמיינט, אַז ער איז — דאַרף מען נישט, וועט ער אַוועק אין דער וועלט — ווו ס'ליגט אַן אומגעקומענער ברודער זײַנער — אַן אַנאַרכיסט.

אַ האַרציקער ברודער, אַן איבערגעטריבענער נשמה־מענטש, מיט קליינ־שטעטלדיקער, היימישער וואַרעמקייט — יענער וועט אים דערפֿילן — וועט ער אים אַרומנעמען אין היימיש, משפּחהדיק זיך טוליען צו אים. ער איז דאָך אַזוי איינזאַם, פֿאַרלאָזן — מען פֿאַרשטייט אים נישט.

אויסגעטרונקען דאָס פֿלעשעלע יאָד און זיצט מיט דעם קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן איבן שטול און קרעכצט. ער טראַכט נאָך איצט, אָבסערווירט זײַנע אייגענע איבערלע־בענישן — אַזוי, הייסט עס, דאַרף מען שילדערן אַ זעלבסטמאָרד — אַזוי זעט ער אויס. ער געפֿינט אויס נײַע דעטאַלן, וועלכע ער האָט ביז איצט, אין זײַן קינסטלע־רישער אמת־פֿאַרשטעלונג נאָך נישט געהאַט געזען. אָבער פֿאַרפֿאַלן, דעם סוד, די נײַע באַאָבאַכטונגען וועט ער שוין אַהינפֿירן דאָרטן, צום ברודער.

געקומען די „גיכע הילף", מען וויל אים אַרײַנלאָזן אַ גומי־רערל דורכן מויל, אויספּאָמפּען דעם סם — נאָר ער לאָזט זיך נישט, האַלט פֿאַרהאַקט די ציין און וויל זיי באַין־אופֿן נישט עפֿענען. עס לייפֿט צו דער פֿאַרלעגער שקליאַר, וויל אים אויפֿרייסן דאָס מויל — האָראָנטשיק ווערט זיך, לאָזט נישט, אין שקליאַר צע־כעסט זיך:

— עפֿנט אויף דאָס מויל, אידיאָט!

יאָ, ער עפנט דאָס מויל, נאָר נישט פאַרן גומענעם רערל אויף אָפּצוראַטעווען אים דאָס לעבן, נאָר אויף אָפּצוענטפערן אויף דער לעצטער באַליידיקונג:

— רעכנט זיך מיט די רייד!

אין ליטעראַטן־פאַראיין דערציילט מען זיך וועגן האָראָנטשיקס זעלבסטמאָרד — קוריאָז־מעסיק, אַ טעמע פאַר קיבוץ און וויץ. נאָר איינער רופט זיך אָפּ אויף דעם אַנדערש — ישראל שטערן. ער שרייבט אָן אַ ליד, אונטערן נאָמען:

„אין יענעם טאָג איז אַ מענטש באַגאַנגען זעלבסטמאָרד".

געווידמעט ש. האָ.

„קומט ער פון וועלטס אומגעריכטקייט
ווו דער מענטש האָט דעם ווינט ערשט דערהערט,
גלייך נישט אַלט איז די ערד
און דער בוים איז גאָטס קינד ווי פאַרצייטן.
...אלא וואָס, מען זעט נישט קיין צווייגן?
נישט פעלדער מיט גריקע פאַרזייטע?
נאָר מענטשן ווי שטריק אויסגעשפרייטע,
הענגען זיך איינע די צווייטע?
..אלא וואָס, מען זעט נישט קיין צווייגן?
האָט ער הענט ווי געבעטן, וואָס שווייגן,
...און אַ האַרץ, וואָס גלאַנצט אויף געוויין,
ווי אַ בלימל, וואָס דרימלט אויף ליים...
און אַזוי וויל ער בלײַען און שווייגן.
— — — — — — — — — — —
און אויב וועלט האָט שטאָלענע קאַרבן,
קלעמט דער צאָן אין איר אייגענעם שאַרבן, —
וועט ער די ערד מיט זיין בלוט טיף באַפאַרבן,
די זיסקייט זאָל העכער אויפשטייגן...
ניין, ער וויל רויק נישט שטאַרבן".

ער איז אָפּגעראַטעוועט און לעבט ווייטער. שאַפט נאָך אַ צענדלינג ראָמאַנען, יוסטע ווערק, פולע, זאַפטיקע, מיט דעם ריח פון ערד און ליבע. דאָס לעבן איז שיין, די ליבע שפּראָצט און וואַקסט אין מענטשלעכן גוף ווי גריקע אויף פעלדער, ווי רויזן און אויך ווי קרויט.

ציטערט ער דעריבער איבערן לעבן, איז אַ פּחדן. וואָרעם זעט נאָר ווי לייכט עס איז דאָס לעבן צו פאַרלירן — ביי אַן אומפאָרזיכטיקן טריט, ביים אַריבערגיין די גאַס — גייט ער פאַמעלעך, שווער און פאָרזיכטיק; שרייבן זשורנאַלן וועגן דער קראַנקייט ראַק — עסט ער צוויי מאָל אין טאָג צו צייגדלעך קנאָבל; גייט ער אַרויף אין ליטעראַטן־פאַראיין אויף דריי שטאָק שטיגן און וויל קיין מאָל נישט איינשטייגן

אין דער װינדע — נאָך װאָס? טאָמער? מײדט ער אױס צוזאַמענלױפן, גײט ער קײן מאָל נישט נאָך קײן לװיות.

און ער איז אַזױ נאַיװ און אומבאַהאָלפן. שרײבט דיקע ראָמאַנען, נאָר איז נישט אין שטאַנד אָנצושרײבן אַ קלײנע נאָטיץ. און ער איז אַ טעמע פאַר קוריאָזן, און אַז ער קען אָבער פאַרט נישט טרעפן אין די קאַרבן פונעם לעבן? איז די פרײד פון שאַפן פאַרטרעט אים אַלץ — פאַמיליע־גליק, טאָגטעגלעכע פאַרגעניגנס — גײט זעלטן אין קינאָ, אין טעאַטער, קײן מאָל נישט אין קײן רעסטאָראַן, לעבט צוביסלעך װי אַ פּרוש און צוביסלעך — פױעריש. ער איז נאָר אַ משרת בײם לעבן — זײן אױפגאַבע איז באַשרײבן, אױפכאַפּן דאָס, װאָס נישט יעדעס אױג זעט עס. איז דאָס אײגענע לעבן גרױ. נאָר אין די שעהן פון שאַפונג — דערהײבט מען זיך, װערט מען געלײטערט און מען לעבט איבער דאָס לעבן — פון זײנע באַשאַפענע העלדן. האָט נישט ליב דאָס לעבן, נאָר קלאַמערט זיך דערין, האַלט עס קראַמפּיק מיט די פינגער — און אפשר נישט אַזױ דאָס לעבן, דאָס זײן, װי ער האָט מורא פאַר דעם נישט זײן, פאַר דעם טױט. איז ער אײביק פול מיט פּחד, און צום זי־כערסטן פילט ער זיך אין זײן קלײנעם צימערל, בײם שרײבטישל.

אין יאָר 1939 איז שױן שװער צו אָטעמען, שױן נישט מחמת שרעק פאַר אַרונטערפאַלן אונטערן טראַמװײ אין פאַר אַ ראַק — עס שטיקט די אימה פאַר — היטלערן.

יעדן טאָג קומט ער צו מיר צו דער אַרבעט, זעצט זיך אַװעק בײם טישל און װיל, אַז איך זאָל אים גרינטלעך אינפאָרמירן װי עס האַלט, צי איז טאַקע פאַראַן די סכנה פון מלחמה. ער לײענט אַ סך צײטונגען און זשורנאַלן אין אַלע פּאָליטישע נײעסן, נאָר ער האָט ליב דאָס זעלבע צו הערן, װען אַ צװײטער איז עס אים מסביר.

איך עצה אים אַלץ צו ליקװידירן, װאָס עס מײנט, אײגנטלעך, אײנפּאַקן אַ קלײן רענצל מיט זאַכן און פאָרן קײן פּאַריז. ער איז פון דעם פאָרשלאַג איבער־ראַשט און — אַנטציקט. מען קען אַװעקפאָרן, אױסמײדן דעם טױט, די מלחמה — נאָר ער איז דאָך אַזױ שװער־לײביק, װי אַזױ רײסט מען דאָס איבער מיט דעם אַלעם און — קײן פּאַריז? אמת, ער איז שױן דאָרט אַמאָל געװען, זעט עס אים אױס לײכטער. אין אַ נײ אָרט װאָלט ער באַין אופן נישט געװאַגט.

און אַזױ גײען דורך עטלעכע טעג, עטלעכע װאָכן, יעדן טאָג קומט ער זיך עצהן אין קרעפּטיקן אין דער דעה און צוגרײטן זיך צו דער נסיעה. און עס איז געשען — ער איז אַװעק קײן פּאַריז. צװײ חדשים אַדורך — ער איז דאָ צוריק. ער קומט צו מיר מיט טענות און תרעומות. דאָרט איז שװער צו לעבן פאַר אַ ייִדישן שרײבער. נאָך דעם ייִדישן פּױלן, נאָך דעם פילפאַרביקן ייִדישן ישוב — איז אומ־מעגלעך דאָרט צו זײן און צו שאַפן. נײן, קײן מלחמה, זאָגט מען, װעט נישט זײן, איך האָב אים אומזיסט איבערגעשראָקן, איך האָב אים צעבראָכן — זאָל שױן זײן אַפילו מלחמה — ער װיל בלײבן דאָ — צוזאַמען מיט אַלע.

און עס איז געשען. מלחמה. דעם 6טן סעפּטעמבער קומט ער צולױפן צו מיר

מיט עפּעס אַ מיטליאָריקער פרוי, אַ פריינדין זיינער, אַן אַקושערן. זי האַלט אים אונטערן אָרעם, ער איז אָן לשון, טרייסלט זיך, ער שטאַמלט קוים אַרויס:

— גראָסמאַן, מיט אייך וועל איך לויפן. לאָמיר שוין לויפן, גיך, איך האָב אַלץ געלאָזן אינדערהיים, נאָר עטלעכע מאַנוסקריפּטן מיטגענומען.

עס שטייט דערביי אויך י. ראַפּאָפּאָרט, וועלכער איז אויך געקומען וועגן דעם זעלבן, מען זאָל לויפן צוזאַמען.

עס איז זעקס פאַרנאַכט, איך האָב זיך נאָך נישט באַשלאָסן און לייג פאָר צו וואַרטן מיטן לויפן ביז צען ביינאַכט.

האָראָנטשיק זעצט זיך שווער אַוועק אויפן בענקל. ער וויל שוין לויפן, נאָר צוזאַמען מיט אונדז. ער וועט שוין דאָ צוזיצן ביז צען ביינאַכט.

די פרוי זאָגט אים עפּעס אין אויער אַריין, ער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. זי שטייט צו אים ווייטער צו, רופט אים אַוועק אָן אַ זייט, סודעט זיך, ער ציט כסדר אויף צוריק, דרייט אויס דעם קאָפּ צו אונדז, ער הענגט ביי אים אַראָפּ ווי ביי אַ בעל־חי פאַר דער שחיטה, די אויגן אויסגעשטאַרצט, און פּחד! דער גרויסער מאוימדיקער פּחד, וואָס איז משנה דורך איין רגע די גאַנצע צורה. — און ער איז שווער אַוועק צו דעם ווייטן, אומבאַקאַנטן וועג. לויפן, ראַטעווען זיך, אַנטלויפן פונעם טויט.

און אין עטלעכע טעג אַרום, אין דעם קליינעם שטעטעלע קאַלושין, אין אַ שטאַל — ליגט האָראָנטשיק, קורטשעט זיך איין און טוליעט זיך אין שטרוי. די דייטשן זענען שוין דאָ און טרייבן די יידן אין דער דאָרטיקער קירך אַריין, שיסע־רייען פון אַלע זייטן.

אויף איין מינוט מוז מען זיך רויק פאַרטראַכטן:

ער איז די טעג אַלט געוואָרן 50 יאָר. אַ יובל, אַ יום־טוב. מיט 25 יאָר צוריק אין דער צייט, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן די דייטשן אין זיין געבורט־שטעטעלע וויעלון געשאָסן צו אים — און ער איז אַנטרונען פון דער קויל, ניצול געוואָרן. ער איז דעמאָלט געווען אַ קליינשטעטלדיקער סוחר און געשריבן לידער. נאָכער געוואָרן אַ שרייבער. אָנגעזעענער ראָמאַניסט פון די געלעזנסטע מחברים —מ׳וואָלט אים אין די טעג אַוודאי געפּראַוועט אַ יובילייִ — פון גאַס דערטראָגן זיך געשרייען, ס׳פאַרשטאַרקט זיך די שיסעריי און אַ לויפעריי צו דער שטאַל, צו זיין באַהעלטעניש. און ער כאַפּט אַרויס פון ערגעץ אַ קליין ראַזיר־מעסערל און שנעל, מיט דעם גאַנצן אימפּעט — שניידט ער זיך איין דעם האַלדז, גיך און פעסט — עס זאָל שוין מער קיין באַליידיקונג נישט זיין, עס זאָל שוין מער קיין פּחד נישט זיין!

און שמעון האָראָנטשיק האָט אויסגעהויכט זיין נשמה.

„— און אויב וועלט האָט שטאָלענע קאַרבן

וועט ער די ערד מיט זיין בלוט טיף באַפאַרבן...“

ישראל עמיאָט / ראָטשעסטער

# מאָטיוון

## I

### ישראל שטערן אין געטאָ

„ווײַל שענער ווערט אַ שטאָט בײַם אָנקום פון דער נאַכט" —
נאָר מיאוסער ווערט זי דאָ; ווי מיט בלינדע אויגן
שטאַרן פענצטער שטום און דער פחד וואַכט
ווי איבער קראַנקע אַ שוועסטער אָנגעבויגן.

דאָ איז איין שפּיטאָל, דער טויט צו יעדער בעט
שלייכט מיט שטילע טריט אַרויס פון אַלע טירן,
און דער מולד — שאַרף ווי אַ לאַנצעט —
שניידט אויף מויערן אייטערע געשווירן.

ס'האָט ווער אויסגעפּליקט פון הימלען דעם געדאַנק
ווי אַ רשע פּליקט אַ בלאַט פון אַ הייליק ספר.
סע שטאַרבן טעג ווי דיינע טריט, אָן קלאַנג
דער טויט פאַלט פון בוים ווי אַ פרוכט אַ רייפע.

זע, די וועלט איז פאַרפלייצט מיט שלעכטס
ווי גאָט צוקאָפּנס ברענען אַלע ליכטער;
אויפן האַקנקרייץ האָט מען אין די נעכט
אויפגעהאָנגען רילקען, דיין באַליבטסטן דיכטער.

II

## ביינאַכט אויפן גנעטאָ־פּלאַץ

בײַטאָג שײַנט די זון דאָ און סע שפּילן זיך קינדער
אויף רוקנס פון ציגל זוי בויען זיך הײַזער,
נאָר די נאַכט — זי שלעפּט זיך נאָך אַלץ אַרום אַ בלינדע
אויף פאַרבאָרגענע זייגערס ווו ס'פעלן די ווײַזערס.

ביינאַכט בלאָזט אַ ווינט דאָ און ברענגט אויף פון ווינקלען
אַ שטילן געקרעכץ, אַ פאַרטיקן לשון,
ווי מ'וואָלט אַלע ליכט וואָס אין לײַכטערס צעפינקלט
פריײַטיק צונאַכטס דער מאַמען פאַרלאָשן.

ביינאַכט לייג נאָר צו אַ וואַנט צו דעם אויער,
הערסטו מיליאָנען געוויין פון די וויגלען — —
דער מויער איז נײַ — טאָ פון וואַן' איז דער טרויער,
ווי ס'וואָלטן אויף ווענט פאַרדעקט זײַן די שפּיגלען!

משה זאַנשיין / תל־אביב

# פנימער פון אָפּגעמעקטן וואַרשע

## א) דער „זאַיאַזד"

באָניפראַטן — אַ טויער פון וואַרשע פאַר פּראָווינצער ייִדן. אַ שמאָלינקע גאַס, וואָס דורך איר האָבן זיך קוים דורכגעשטופּט צוויי פורן איינע נעבן דער צווייטער. ברוקירט איז די גאַס געווען מיט שפּיציקע שטיינער, זענען די פורן אויף איר געשפּרונגען און האָבן געמאַכט אַ רעש.

— ס'איז שוין באָניפראַטן? פון די בוידן, פורן, פאַרשטעלטע מיט פּלאַנדע־קעס, רוקט זיך אַרויס אַ באָרד פון אַ פאַרחושכטן ייִד, אַ שפּיליטער וואָס פאָרט אין שליחות פון שטעטלדיקע קרעמערס. — באָניפראַטן? ס'קוקן אַרויס פון דער פור אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן פון אַ יונג מיידל, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל גע־קומען אין דער שטאָט זוכן אַ שטעלע אַלס שניידערן, נייטאָרן אָדער דינסט. — באָניפראַטן? און וואָס טוט מען איצט? — זאָרגט זיך אַ יונגער מאַן וואָס זוכט אַ תכלית און האָט זיך נישט געקענט איינאָרדענען אין שטעטל. — באָניפראַטן? פרעגט אַ ייִדענע — און ווי אַזוי וועט זי גיין צום ד"ר, דעם פּראָפעסאָר, צו וועמען זי איז ספּעציעל געקומען. און ווי אַזוי וועט זי מיט אים רעדן פּויליש, דער־ציילן אים אַלע אירע מיחושן?

באָניפראַטן, באָניפראַטן, דאָס טויער פון וואַרשע. כמעט ביי אַלע פּאַסאַזשירן פאַרדרייען זיך די קעפּ.

צי וועט ער קריגן קרעדיט? — קלערט אַ הענדלער — נאָך דעם ווי ער האָט נישט באַצאָלט די וועקסלען. צי וועט דער סוחר פּראָלאָנגירן און אים ווייטער געבן סחורה צו פאָרן אויף די מערק? — צי וועט ער זיך דורכשלאָגן אין דער גרויסער שטאָט, אין עיר־הסופרים — דאגהט זיך אַ יונגער מאַן. צי וועט מען דאָ אָנערקענען זיין טאַלאַנט? וויפל האָפענונגען און נישט דערשלאָפענע נעכט ליגט דאָ אין פּע־קעלע וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט פּאַפּירן.

באָניפראַטן, באָניפראַטן — וואַרשע. דערווייל זעט מען נאָך נישט דאָס וואַרשע, מ'זעט נאָך נישט די גרויסע שטאָט. די גאַס איז שמאָל, די הייזער — נידעריק. עס יאָגן נישט און קלינגען נישט קיין טראַמווייען, ס'שרעקן נישט קיין צעהוליעטע אויטאָס. ס'שלעפּן זיך נאָר בוידן אין וועלכע ס'זענען איינגעשפּאַנט דאַרע, פאַר־מאַטערטע פערד.

...דער „זאַיאַזד". צוויי הילצערנע טויערן אויף גרויסע, פאַרזשאַווערטע זאַ־וויאַסעס הענגען טרויעריק און איבעריק. צו וואָס האָט מע זיי אויפגעהאָנגען, אַז זיי האָבן זיך נאָך קיין מאָל נישט פאַרמאַכט און נישט אויפגעמאַכט... בוידן, בוידן, ס׳ציט זיך אַ לאַנגע קייט בוידן. דורכגעפאָרן דורכן שמאָלן הויף־האַלדז, קומט מען אַריין אין אַ גרויסן הויף, אַן אויסגעבעטן מיט שטרוי, היי, סעטשקע און האָבער; אַלץ מאכלי־סוסים, אָנגעשיט פון לאַנגע טעג, וואָכן און אַפילו יאָרן.

פון די בוידן קריכן אַרויס מענער, פרויען, אַלטע, יונגע, קינדער מיט קוישן אָנגעפּראָפּטע מיט סחורות צום פאַרקויפן: עופות, פּוטער, אייער — קליינשטעטל־דיקע סחורות, איינגעקויפטע ביי די פּויערים אין די דערפער, פּויערישע לייוונט, וואָל און פעלעכלעך. פעדערן געשליסענע און נישט־געשליסענע, וואָס הענדלערס און הענדלערקעס האָבן געברענגט פאַר דער גרויסער שטאָט, פאַר וואַרשע. ס׳קריכן אַרויס מענטשן מיט לײדיקע קײשלעך, זעקלעך און טשעמאָדאַנעס, אויף איינ־צוקויפן סחורות. אָט פירט אַ פּראָווינצער ביי דער האַנט אַ בלאַס דערשראָקן יינגל מיט לאַנגע פאהלעך. דאָס האָט ער געברענגט זיין זון אין אַ ישיבה אַריין אָדער צו אַ באַקאַנטן סוחר אַלס שיק־יינגל ווו ער וועט מיט דער צייט ווערן אַ „מענטש"... ס׳שלייכט אַרויס אַ מיידל, וואָס „כאָטש אַ פּראָווינצערן, וועט זי אויפן פייער נישט פאַרברענט ווערן". זי שטעלט אַ זיכערן טריט און מעסט אָפּ דעם בחור מיט חוזק.

...פון אַ קוימען איבער אַ הייזל ביים טויער שלענגלט זיך אַ רויך. דאָרט איז אַ קאַוויאַרניע. אַז מען עפנט די טיר, גיט אַ שלאָג אין פּנים אַריין אַ געדיכטע פאַרע צוזאַמען מיטן ריח פון פריש־געקאָכטע זופּ. ביי די טישלעך זענען אויסגעזעצט געסט: בעל־עגלהס, סוחרימלעך, שפּיליטערן. ביי אַן אַנדער טישל זיצט אַ יונג מיידל צווישן עלטערע פרויען; זי איז געקומען מיט דער מאַמען איינקויפן ביי ראובעלע ראָטענבערג די „וויפּראַווע", צו איר חתונה... פון גאַס הייבן אָן אָנקומען „יינגלעך" מיט פעקלעך, אָפּגעשיקטע סחורות וואָס די סוחרים און די שפּיליטערן האָבן איינגעקויפט... פון צייט צו צייט באַווייזן זיך די סוחרים און זעען נאָך ווער עס האָט נישט „געליווערט".

## ב) די נאַלעווקעס

אָנגעהויבן האָבן זיך די נאַלעווקעס ביי דער דלוגע — אָט דער גאַס וואָס האָט געשמעקט מיט גויִשן געקאָכטן זויערקרויט, פאַררייִשט אויף חזיר־פעטס. ביי דער גאַס וואָס האָט געפירט צום „פאָווישלעדיקן" פּאָדוואַל — די ווייסל־געגנט אין וואַר־שע און האָט זיך געקענט רעכענען פאַר אַ ראַנד פונעם ייִדישן צענטער. אויף דער צווייטער זייט דלוגע, ווי אַ פאַרלענגערונג פון די נאַלעווקעס, האָט זיך געפונען די ביעלאַנסקע, וואָס האָט אויך אַ גאַנץ יאָר נישט „געשמעקט" מיט ייִדישקייט. אַז אַלע געשעפטן זענען ייִדישע האָט מען דערקענט נאָר ראש־השנה און יום־כפּור. אין די ימים־נוראים, ווען אַ „פיש אין וואַסער ציטערט אויף", האָט זיך אָפּגערופן דאָס פאַרגוייִשטע ייִדישע האַרץ. מ׳האָט מוותר געווען אויף די סוחרישע קאַלקו־

לאַציעס. מ׳האָט אַפילו נישט געקוקט, וואָס דאָס אַנטיסעמיטישע בלעטל „שבת־גוי״ וועט צוליב דער העצע פון „סוואָי דאָ סוועגאָ״, פאָטאָגראַפירן דאָס פאַרמאַכטע געוועלב און אונטער אַן אויפשריפט „איי ווײ מאַמעלע, טאַטעלע, טשאָלנט, קוגל״ עס ווייזן זײַנע לייענערס אַלס סימן אַז ס׳איז אַ ייִדיש געשעפט און מ׳דאַרף דאָרט נישט קויפן.

... געוועזן איז דאָס אָבער בלויז אין די „הייליקע טעג״. אַ גאַנץ יאָר זענען די סוחרים געווען גויישע (ייִדישע גויים) און די קונים גויישע (אמתע גויים). איז מע נאָר איבערגעגאַנגען דאָס שטיקעלע דלוגע־גאַס — די ברייטע — איז מען אַריין אין די ייִדישע נאַלעווקעס.

נאַלעווקעס צוויי. ס׳איז טומלדיק. צוויי ייִדישע שולן — מיטלשולן — אין איין הויז. אַ ייִנגל־שול און אַ מיידל־שול. ווער נישט מיטגעריסן מיט די הייסע בליקן פון די משהלעך, שלמהלעך און שרהלעך — און זאָל זיין אפילו בראָנקעס, וואָס בליצן פון די ייִדישע חנוודיקע שוואַרצע אויגן.

אַ ביסעלע ווייטער גייט ווידער א „פּאָרל״ — צוויי ספּאָרט־קלובן ווו ייִדישע יוגנט איבט די קערפּערס, אַז ייִדן זאָלן געזונט זיין. קומען ייִדישע ייִנגלעך, ייִדישע מיידלעך, אפילו עלטערע, קומען אַרבעטער פון וואַרשטאַטן, „מענטשן״ פון די געשעפטן, שילערס פון די שולן, סטודענטן פון די אוניווערסיטעטן, קומען פאַר־שיידענע ייִדן מיט פעקלעך אונטערן אָרעם — איב־קאָסטיומען, איב־מכשירים... הערט זיך דורך די אָפענע פענצטער פון „מאָרגנשטערן״: „איינס, צוויי״, טראָגט זיך פון „מכבי״: „אחת, שתים״. שאַלט דער ערשטער: „פריש, פריי״, יובלט דער צווייטער: „חזק ואמץ״.

אָפּגעגאַנגען נאָך אַ פּאָר טריט, שטייט מען פאַר אַ „ייִדישער מלוכה״ — נאַלעווקעס 2אַ. דאָרטן איז דער נאַציאָנאַל־ראַט, די צענטראַל־קאָמיטעטן פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, תרבות, קרן־קיימת, קרן־היסוד. דאָרט איז די רע־דאקציע „היום״. דאָרט איז די סטודענטישע אָרגאַניזאַציע „ירדניה״.

עס טומלט זיך אויף נאַלעווקעס 2אַ. אין די צימערלעך — טייל מאָל אָפּגע־שלאָסענע — ווערט געמאַכט פּאָליטיק, ייִדישע פּאָליטיק אין פּוילן און אפילו מער ווי ייִדישע. דאָ איז אַמאָל געשאַפן געוואָרן דער בלאָק פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. צווישן די פיל ייִדיש פּנימער האָבן זיך דעמאָלט דורכגעוואָרפן אויך די פּנימער פון אוקראַינער, דייטשן, ווייסרוסן. דאָרט האָט מען זיך געגרייט צו וואַלן: צום סיים, שטאָטראָט, קהילה... פאַר דעם הויז איז געשטאַנען אַ לאַנגע קייט אויטאָס, וואָס האָבן צעפירט די פּרעלעגענטן איבער פאַרשיידענע פּונקטן פון שטאָט, פון דאָרט זענען אַרויס רעדנערס — יונגע און אַלטע — טייל הייזעריק שוין ווי די וואַנט, פון פיל רעדן. מ׳האָט געמאַכט פּאָליטיק.

דאָ אויף נאַלעווקעס איז מען אַריינגעפאַרן אינעם ווירוואַר פונעם נאַלעווקער האַנדל, פון דער קאָמערץ, וואָס האָט געהאַט זיינע אייגענע פּאָרמען.

... אַ געררויש, אַ טומל אויף די נאָלעווקעס. ווער ס׳קויפט, ווער ס׳פאַרקויפט, ווער ס׳טוישט. זאָקן, וועש, גאַלאַנטעריע, גאָלד, זילבער, וואַליוטע.

האָבן נאָר אויף די נאַלעווקעס געקענט זיין בענק, ווו דער גאַנצער פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון יידן מיט בערד און פּיאות, וואָס זענען געזעסן ביי דער אַרבעט מיט יאַרמעלקעס אויף די קעפּ. בענק געשלאָסענע אַ גאַנצן שבת, פון פרייטיק 12 אַ זייגער בייטאָג.

הייף אויף נאַלעווקעס — גאַסן. אין די הייף ריזיקע הייזער. אין יעדן הויז הונדערטער צימערן. אין יעדן צימער פיר ווינקלען. אין יעדן ווינקל עטלעכע סוחרים. נישט געבליבן קיין צימער, זענען גוט די טרעפּ, נישטאָ קיין אָרט אויף די טרעפּ, „בינדט מע זיך צו צו אַ שטיין" און מ'האַלט זיך ביי די נאַלעווקעס. ווייס־ טו נישט מיט וואָס פאַר אַ נס ס'האַלטן זיך די שטויסן סחורה, אָנגעלייגטע אויף גאָרנישט — דער אמתער „תולה ארץ על בלימה".

... קומען קונים, גייען קונים, פּאַקט מען, טראָגט מען, פירט מען פּעק. קויפט מען אַלץ, פאַרקויפט מען אַלץ. צאָלן דאַרף מע נישט. אַלץ אויפן וואָרט „כמו", „כמעט", „אָפן", „שלושים יום". פירט מען ביכער אויף „שלי שלך", פירט מען קאָנטאָס: „ר' אברהם נ"י מ'זשעלעכאָוו", „ר' אהרן נ"י מ'קאָזשעניץ" און עס איז הייליק. מ'גלייבט, מ'צאָלט, מ'דאַרף נישט קיין געריכט.

מ'איז פאַריאָגט אויף נאַלעווקעס, פאַרשמייעט, אָבער קיין מנחה פאַרגעסט מע נישט. איבערלאָזנדיק דעם שטויס סחורה אויפן טיש שפּרינגט מען אַראָפּ אין בית־ המדרש פון זעלבן הויף און מ'כאַפּט אַריין אַ תפילהלע. אין יעדן הויף איז דאָ אַ שיל. יעדער ווירט האָט אין זיין הויף געבויט אַ מקום־קדוש, כאָטש ער וואָלט פאַר דעם אָרט געקאָנט „מאַכן גאָלד". ווערן נישט פאַרשוויגן די תפילות אין די שילן אַ גאַנצן מעת־לעת.

...עס זענען שוין דאָ אויך מאָדערנע סוחרים אויף נאַלעווקעס, עס באַווייזט זיך אַ שילד: „דאָם האַנדלאָווי" פון דער פירמע „ג", מיט גרויסע שוי־פענצטער, מיט בוכהאַלטערן, מיט גראָבע ביכער, מיט „דעבעט", „קרעדיט". ס'טרעפט זיך, עס באַנקראָטירט אַזאַ סוחר, לאַכן יידן און דערציילן אַנעקדאָטן וועגן אַ ייד וואָס האָט כל ימיו געשריבן אויף דער וואַנט זיין „שלי שלך", ער האָט חתונה־געמאַכט טעכטער און געפירט אַ שיין לעבן ביז ער האָט צוגענומען אַ בוכהאַלטער, האָט ער... באַנקראָטירט.

אין דעם טומל פון די נאַלעווקעס האָט זיך אַריינגעקליבן אַ יידישע רעדאַקציע. דער באַקאַנטער און פאַרשפּרייטער „מאָמענט" האָט זיין זיצאָרט אויף נאַלעווקעס 38. פלעגן דורך די רוישיקע נאַלעווקעס דורכשפּאַצירן גרויסע מענטשן, ליטעראַטן, שרייבערס, דיכטערס, יידישע סוחרים האָבן אויפגעשיינט נשמה־יתירהדיק, געלאָזט שטיין דעם קונה און געלאָפן נאָכקוקן: וואָ, סעגאַלאָוויטש, וואַ־וואָ, נח פּרילוצקי, הלל צייטלין, זלמן שניאור. און עס איז אַוועק אַ שמועס וועגן לעצטן אַרטיקל פון דעם דורכגעגאַנגענעם שרייבער, וועגן לעצטן ליד פונעם דיכטער, האָט זיך אַריינ־ געמישט דער „מענטש", וואָס עס איז אים נישט געפעלן דער „נישט־פּראָלעטאַריי־ שער צוגאַנג" פונעם באַלעבאָס. איז אַוועק אַ דיסקוסיע. צו דער דיסקוסיע האָט אַלע

מאָל געמאַכט אַ סוף דער קונה — אַ פאַרשמייעטער פּראָווינצער ייִד אָדער שפּי־ליטער.

... אויך דער פּראָלעטאַריאַט איז נישט אָפּגעשטאַנען. אויף דער צווייטער העלפט נאַלעווקעס זענען געווען עטלעכע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען: די בונדישע נאָדל־ און מעטאַל־פאַראיינען אויף נאַלעווקעס 34, דער פועלי ציוניסטישער בוי־ און טראַנספּאָרט־פאַראיין אויף נאַלעווקעס 35, און די אומלעגאַל „רויטע" טעקסטיל־בירזשע אויף די טראָטואַרן פון די נאַלעווקעס. און די נאַלעווקעס זענען אָפט געווען אַן עדות פון ריזיקע מאַניפעסטאַציעס, מיטינגען, פאַרזאַמלונגען.

... פּרייטיק פאַרנאַכט איז אויף די נאַלעווקעס שטיל געוואָרן. די געשעפטן זענען געשלאָסן געוואָרן. די „שומרי שבת" האָבן שוין נאָכקאָנטראָלירט די הייף און אַהיימגעיאָגט דעם לעצטן פאַרשפּעטיקטן סוחר.

## ג) גענשע־גאַס

גענשע־גאַס איז געווען דאָס האַרץ פון מאַנופאַקטור־האַנדל. זי האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט די אויסאַרבעטונגען פון אַלע פּוילישע אינדוסטריע־צענטערס און פונאַנדערגעטראָגן זיי אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון פּוילן און פון די שכנותדיקע לענדער. קיין וווינונגען זענען אויף דער האַנדלס־טייל פון גענשע נישט געווען. יעדעס געוועלב, צימער, קעלער איז געווען אַ מאַנופאַקטור־געשעפט. אַפילו אין די הייזער, אונטער די טרעפּ פון איין שטאָק צום צווייטן האָט מען געהאַנדלט מיט מאַנופאַקטור. פלעגט אַלע מאָל אויף גענשע־גאַס זיין אַ גערודער פון סוחרים און הענדלערס, מעקלערס און קאָמיסיאָנערן, פאַבריקאַנטן און האַנטווערקער, פור־מאַנעס און טרעגערס.

אויף גענשע האָט מען אָנגעטראָפן ייִדן מכל המינים: גבירים וואָס מאַכן מסחר און קבצנים וואָס דרייען זיך ביים מסחר. ייִדן שטאָטישע און שטעטלדיקע פון גרויספּוילן, פון קליינפּוילן און ליטוואַקעס מכל המינים — פון ביאַליסטאָקער ליט־וואַקעס ביז ווילנער, באַראַנאָוויטשער און גראָדנער. יעדער מיט זיין אויסשפּראַך, מיט זיין דיאַלעקט און מיט זיינע העויות. האָט די גאַס אויסגעזען ווי אַן אויסשטע־לונג פון אַלערליי ייִדן... ס׳האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציעלער גענשער ייִדיש, אַ שפּראַך פון חצי ייִדיש, פּאָלאָווינע רוסיש פאַרבראָקט מיט פּויליש און מיט ווערטער, וואָס נאָר אַ גענשער סוחר און אָנגעשטעלטער האָבן זיי פאַרשטאַנען.

— זאָלסט אים גוט באַהאַנדלען, — האָט אַ סוחר אַ זאָג געטאָן צו זיין אָנגע־שטעלטן, ווען ס׳האָט זיך באַוויזן אַ פּראָווינצער סוחר ווענען ער האָט אָפּגעשטעקט אַ ברייטן שלום עליכם — זאָלסט אים רעכענען „ער־דעהאַ"־פּרייזן. ערשטער סאָרט.

— איר זאָלט געדענקען — האָט דער פּראָווינצער סוחר דערמאָנט דעם משרת — אייער באַלעבאָס איז מיין בעסטער גוטער פריינד און איר זאָלט מיר רעכענען די אמתע „ער־דעהאַ"־פּרייזן.

ער האָט נישט געוווסט אַז „ער־דעהאַ" זענען ראשי תיבות ר. ד. ה. וואָס מיינט: „רייס די הויט".

נישט אין רייסן די הויט איז געגאַנגען דעם סוחר פון גענשע. ער האָט זיך דווקא געלאָזט באַגניגענען מיט די קלענסטע רווחים און קיינער האָט מיט אים נישט געקענט קאָנקורירן. געגאַנגען איז אים אינעם וויץ. אויף גענשע־גאַס האָט מע ליב געהאַט פריילעכקייט און גאַנץ אָפט האָט מע נישט געקענט אונטערשיידן וואָס דער סוחר איז מער אויסן — דעם מסחר אָדער די לעבעדיקייט אַרום אים.

מסחרן האָט מע געקאָנט אויף גענשע כמעט אַ קיילעכדיקן מעת־לעת. זיבן אַ זייגער האָט מע געמוזט שליסן די קראָמען, ווייל די פּאָליציי האָט געצוואונגען. האָט מען לפנים פאַרמאַכט די טירן צו דער שעה און אַז דער קונה איז געקומען שפּעטער און אַפילו גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט, האָט ער נאָר געדאַרפט אָנקלאַפּן און אַריינשרייען: „עפנט אַ משלנו"...

שבת האָט די גענשע־גאַס געענדערט איר פּנים. מען האָט כמעט נישט געזען קיין דורכגייער. דער טראַמוויי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער סטאַציע און באַלד ווייטער געלאָפן, ווי ער וואָלט זיך געשעמט וואָס ער פאָרט אום שבת.

... אַז ס׳איז געשען עפּעס מיט אַ סוחר פון גענשע, ער איז פאַראָרעמט געוואָרן אָדער עס האָט געטראָפן אַן אַנדער אומגליק — האָבן גענשער יידן נישט געלאָזט פאַלן אַ חבר. עטלעכע סוחרים זענען אַרויס אין גאַס אַ זונטיקדיקן פרימאָרגן און דורכגייענדיק דעם טראָטואַר צונויפגענומען אַ געהעריקן סכום. קיינער האָט נישט אָפּגעזאָגט, געגעבן מיט אַן אָפענער האַנט און מ׳האָט דעם געפאַלענעם צוריקגע־שטעלט אויף די פיס.

## ד) שמאָלע מילע

שמאָלע מילע איז געווען אַ טייל פון אַ גאַס, וואָס האָט זיך געצויגן פון דעם האַרץ פון יידישן לומדיש־אַריסטאָקראַטישן האַנדלס־צענטער נאַלעווקעס ביז צו דער עמכדיקער סמאָטשע.

מילע האָט געהייסן די גאַנצע גאַס, אָבער יידן האָבן זי איינגעטיילט אין צוויי: נייע מילע און שמאָלע מילע.

שווער צו זאָגן פאַרוואָס פּונקט די שמאָלינקע גאַס, דער אָפּשניט צווישן נאַ־לעווקעס און זאַמענהאָף, האָט זוכה געווען צו ווערן אַ ספּעציפישער צענטער אין וואַרשע, מיט אַ ספּעציפישן „שמאָלע־מילע" לעבן און מיט אַן אייגנאַרטיקן האַנדל, אַן אַלע־טאָגיקן, שבת־יומטובדיקן און חתונה־בריתדיקן האַנדל, אַ האַנדל פאַר אַלע, פאַר רייכע, פאַר באַלעבאַטישע און פאַר אָרעמע. זיי אַ בריה און באַרעכן ווי אַזוי קאַלקולירט שמאָלע־מילע אירע סחורות אַז אַן אויסגעהונגערטער שלעפּער מיט אַ „מאָגן אָן אַ דנאָ" זאָל זיך דאָ אָנזעטיקן פאַר גראָשנס, נישט סתם שטילן דעם הונגער מיט אַ שטיק ברויט, נאָר טאַקע מיט מטעמים.

אָט שטײט אַ ייִדענע מיט אַ „קאָנדיטאָרײ״ אין די הענט — אַ בלעך מיט פאַרשײדענע טאָרט־קוכנס.

— וואַבאָ — רופט זי — אַזעלכע כמאַליעס (שטיקער).

— וואַבאָ — הילכט די ייִדענע — פינף גראָשן אַ כמאַל.

אָרעמע ייִדן און ייִדענעס קויפן די מטעמים. די כמאַליעס וואַנדערן אין די קײשלעך אַרײן און קינדער פון ניסקע, סמאָטשע, אַסטראָווסקע מיט גרויסע ענג־לישע ביכער און קרומע פיסלעך, װעלן זיך קוויקן מיט דער מציאה פון שמאָלע מילע־גאַס.

— װאַבאָ, לאַכט אויף שבת! — רופט אַ צווייטע ייִדענע — לאַכט, װאַבאָ, לאַכט.

נישט אַדורכצוגײן די גאַס. חוץ אין די געוועלבער, צו וועלכע מ׳מוז אָפּט אַראָפּקריכן פון עטלעכע טרעפּלעך אין אַ קעלער, פירט זיך דער האַנדל אין מיטן גאַס. ס׳שטײען אָנגעשטעלט אין די טויערן, אויף די טראָטואַרן און אין מיטן וועג טישלעך מיט פאַרשײדענע סחורות, קײשלעך פאַרשײדענע, פעסלעך הערינג, פעס־לעך אייל און פעסלעך נאַפט. אויך שטײגן מיט עופות, ס׳הויפן זיך בינטלעך שטרוי צום פאַרקויפן. פישערקעס זיצן ביי באַליעס פיש מכל המינים, גרויסע קאַרפּן און לעשטשן פאַר ברייטע מאַדאַמען מיט בריליאַנטן אויף די פינגער, קלײנע פישלעך — הונדערט אויף אַ פונט — פאַר אָרעמע לייט לכבוד שבת — וואַבאָ, לכבוד שבת!

— מאַדאַמעשי, אַ פעטן אינדיק!

— ייִדענע, אַ גוט שטיקל קאָפּ־פלייש.

— ביליק, פון אַ באַנקראָט.

מ׳רײסט זיך אַרויס די קונים פון די הענט, מ׳קריגט זיך מיט די קאָנקורענטן.

---

„על אלה אני בוכיה״. שטײט אַן אײזערנער סלופּ — דאָרט וווּ עס איז געוועזן נאַלעווקעס 2אַ — אַן איבערבלייב פון דעם גרויסן „סימאָנס פּאַסאַזש״. שטײט ער, דער סלופּ, און פון בײדע זײטן שטאַרצן אַרויס צוויי אייזערנע פליגל ווי אויסגע־שפּרייטע הענט. זעט ער אויס, דער סלופּ, ווי ער וואָלט זיך געבויגן אַ וויינענדיקער איבער די חרובע נאַלעווקעס.

שטייען נישט ווייט פון אים עטלעכע ביימער, אָפּגעסמאַליעטע — אַ זכר פונעם קראַשינסקי־גאָרטן.

... ביים עק געגנשע, ווו ס׳פלעגט אַמאָל דורכשניידן די זאַמענהאָף־גאַס, שטייט אַ דענקמאָל, אַוועקגעשטעלט צום אָנדענק פון די געפאַלענע העלדן פון וואַרשעווער געטאָ. צופוסנס פונעם דענקמאָל ברענט אַ ליכט, אַ נר־תמיד. דאָס פלעמעלע פונעם ליכטל איז דאָס איינציקע לעבעדיקע אינעם טויטן אַרום.

נחמן בלומענטאַל / קיבוץ לוחמי הגיטאות

# דער קידוש־השם פון ראַדזינער רבי

אַ ר יי נ פ י ר

פון אונטער די חורבות פונעם גרויסן הויז אויף נאָוואָליפּקע 68 אין אַמאָליקן יידישן פערטל פון וואַרשע, ווו עס איז נאָך אין 1946 אויסגעגראָבן געוואָרן דער ערשטער טייל פון געהיימען וואַרשעווער געטאָ־אַרכיוו (רינגעלבלום־אַרכיוו), איז דעם 1טן דעצעמבער 1950 אַרויסגענומען געוואָרן אויך דער צווייטער טייל פון דעם דאָזיקן היסטאָרישן אוצר. אין אָט־דעם טייל זענען צווישן אַנדערע געפונען געוואָרן אייניקע שאַפונגען פון יצחק קאַצענעלסאָן, וואָס שטאַמען פון דער געטאָ־תקופה — אַזעלכע ווי די ביבלישע פאָרשטעלונג „איוב“, דאָס ליד „דער באַל“ וואָס גיט אַ וואָרהאַפטיק בילד פון די סאָציאַלע קעגנזאַצן צווישן די יידן פון געטאָ, ווי אויך די גרויסע פּאָעמע „דאָס ליד וועגן ראַדזינער“ וואָס ציילט 1200 שורות, ווערק וואָס זענען ביז לעצטנס נישט געווען אין אונדזער באַזיץ. ערשט נאָך דעם ווי עס זענען פון די ווערק דערהאַלטן געוואָרן קאָפּיעס פונעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, איז מעגלעך זיך אָפּצושטעלן אויף זיי.

אין דעם מאמר וועלן מיר זיך ברייטער באַקענען מיטן „ליד וועגן ראַדזינער“ וואָס איז, נאָך אונדזער מיינונג, יצחק קאַצענעלסאָנס וויכטיקסטע שאַפונג פון דער צייט, ווען ער האָט זיך געפונען אין וואַרשעווער געטאָ.

נישט געקוקט אויף די שוידערלעכע באַדינגונגען פון געטאָ, ווו דער דיכטער האָט אויף זיין אייגן לייב אַריבערגעטראָגן אַלע גרוילן פון יענער תקופה (ווי ער דערציילט און שילדערט עס אַגב אין זיינע „לידער פון קעלט“ און „לידער פון הונגער“), איז אין וואַרשעווער געטאָ געווען אַ זייער פּרוכטיקער פּעריאָד אינעם ליטעראַרישן שאַפן פון יצחק קאַצענעלסאָן. דער דיכטער האָט אויף זיין שטייגער רעאַגירט אויף יעדער דערשיינונג אין יידישן לעבן פון יענע טעג — מיט אַ ליד, מיט אַ גרויסער פּאָעמע אָדער אַ טעאַטער־שאַפונג. דאָס שרייבן האָט אים אינער־לעך באַפרייט פון די פּיינען וואָס האָבן אויף אים געדריקט; ער האָט געזוכט אין זיין דיכטונג — און אפשר אויך געפונען — אַ טרייסט און אַן ענטפער אויף אַלע אָנגעווייטיקטע פראַגעס וואָס האָבן דעמאָלט (און טיילווייז אויך היינט) נישט גע־האַט קיין לייזונג און קיין תשובה. דער אייביקער פּראָבלעם פון דער עקדה פון יידישן פאָלק באַאומרויקט דעם דיכטער, אים מוטשען די פילאָסאָפישע פראַגעס וועגן דער באַציִונג פונעם מענטש צו זיין באַשאַפער — ווי קען דער רבונו של

עולם שלום־מאַכן מיט אַזאַ פאַרשוועכונג פונעם מענטשן, זײַן אײגן באַשאַף? ווען עס ווערט צעטראָטן אויף דער ערד דעם מענטשנס כבוד, ווערט דאָך אויך פאַר־שוועכט און צעטראָטן דער כבוד פון גאָט אין די הימלען!

איבערהויפּט אָבער באַאומרויִקט דעם דיכטער די באַציִונג פונעם ייִד צו זײַן באַדריקער, זײַן פאַרפּאָלגער, זײַן מערדער. צוגלײַך מיט אונדז ווייטיקט דער דיכטער איבער דער פּאַסיוויקייט פון די ייִדן... און ער שטרענגט זיך אָן מיט גרויס מי צו געפינען אַ גיבור צווישן די ייִדן.

דער דיכטער געפינט דעם ייִדישן גבורה־מענטש, אָבער ווי אַנדערש איז דער ייִדישער גיבור פון די נישט־ייִדישע העלדן! יענע „פּאָכן מיט די שווערדן", „צע־שטערן וועלטן", דאַקעגן דער ייִדישער העלד האָט אַ לויטער געוויסן און ריינע הענט, און אויב ער מוז פאַרגיסן בלוט, איז עס זײַן אײגן בלוט — אַזוי זעען אויס



יצחק קאַצענעלסאָן,
דער מקונן פון
געטאָ־וואַרשע

די העלדן פון יצחק קאַצענעלסאָן אין יענער תקופה; אַזוי זעט אויס שלמה זאַלי־כאָווסקי פון זדונסקע וואָליע, וואָס גייט צו דער נאַצישער תליה מוטיק און מיט אַ ליד אויף די ליפּן און רופט אויך אַנדערע צו גײן אין דאָזיקן וועג פון קידוש־השם. אַזוי דערשײַנט אויך קאַצענעלסאָנס נײַער העלד — דער ראַדזינער רבי.

## די לעגענדע

דער העלד פון „דאָס ליד וועגן ראַדזינער" איז דער יונגער רבי פון ראַדזין שמואל־שלמה לײַנער, אַן אייניקל פון רבי גרשון־העניך, וואָס איז בשעתו מפורסם געוואָרן מיטן אויסגעפינען דעם חילזון, פון וועלכן זײַנע חסידים האָבן אַרויסגע־נומען די תכלת־פאַרב אויף צו פאַרבן ציצית. רבי גרשון־העניך האָט אויך גע־עפנט אין ראַדזין אַ ווערקשטאַט צו פּראָדוצירן תכלת־פאַרב און ביזן היינטיקן טאָג קען מען געפינען אין די ציצית פון די ראַדזינער חסידים אַ פאָדעם וואָס איז

געפּאַרבט מיט תכלית. אָן אָנדייט װעגן דער דאָזיקער טראַדיציע קען מע אויך געפינען אין קאָנצענעלסאָנס פּאָעמע.

נאָך דעם װי די דײַטשן האָבן פאַרנומען ראַדזין, פאַרלאָזט דער יונגער רבי זײַן שטעטל און באַזעצט זיך אין דעם נאָענטן שטעטל װלאָדאַװע, װוּ ער באַהאַלט זיך אויס במשך צװיי יאָר פון די דײַטשן, װעלכע זוכן אים אַרום. װען דער פאַר־ערטער רבי קומט אָן קיין װלאָדאַװע, לײַכט אויף דאָס גאַנצע שטעטל. און כאָטש אַלע ייִדן פון װלאָדאַװע װייסן װוּ דער רבי געפינט זיך, װערט דער סוד שטרענג אָפּגעהיט און די דײַטשן געלינגט נישט אויפצודעקן די באַהעלטעניש װוּ דער רבי ריכט אָפּ גלות. אין דער באַהעלטעניש משפּט זיך אויס דער ראַדזינער גאָר שטרענג מיטן רבונו של עולם, װעלכער האָט פאַרלאָזט זײַן פאָלק ישראל. דער רבי קומט צום אויספיר, אַז אויך ער, דער כביכול, איז אָנמעכטיק אַנטקעגן דער רשעות. דעם רבינס האַרץ פולט זיך אָן מיט רחמנות אויפן רבונו של עולם װאָס קען גאָר נישט טאָן, אַ חוץ קלאָגן אויפן חורבן. דער רבי רופט דעם רבונו של עולם ער זאָל גיין גיך קיין לובלין און ראַטעװען אירע ייִדן, מחמת איבער זייערע קעפּ הענגט די שװערד פון פאַרניכטונג. גאָט פאַרענטפערט זיך פאַר זײַן באַשולדיקער און טענהט אַז ער קען טאַקע העלפן און ער טוט דאָס טאַקע אויך, אָבער דער רבי „האָט נישט קיין װײַטן קוק", װען ער רופט זײַן גאָט צו ראַטעװען „סתם ייִדן". דאַ־קעגן דער רבונו של עולם האַלט פון דעם „לעתיד לבוא". די דאָזיקע טענה צייגט נישט איבער דעם רבין, װעלכער זעט װי זײַן פאָלק װערט פאַרלענדט און ער װענדט זיך מיט האַרבע רייד צו זײַן באַשאַפער, װעלכער האָט זיך, װי עס װײַזט אויס, אײַנגעלעבט מיט זײַנע יסורים און איז זיי מקבל באהבה, װי יעדער ייִד מיט אַ ריין האַרץ... צו אַזעלכע הייכן דערהייבט זיך דער דיכטער אין דער האַרבער דין־תורה מיט זײַן בר־פלוגתא ביים פּרוּװן פאַרענטפערן די גורלדיקע פראַגע, פאַר װאָס פאַרשװייגט דער באַשאַפער פון דער װעלט די מעשים װאָס װערן אָפּגע־טאָן פאַר זײַנע אויגן? קידוש־השם באַקומט דאָ אַ מעטאַפיזישע צורה: הקדוש־ברוך־הוא אַליין איז מקדש זײַן נאָמען — דעם ראַדזינער איז דאָס אָבער נישט גענוג — ער װיל ר אַ ט ע װ ע ן ב א מ ת. און אויב עס איז פאַר אים אומ־מעגלעך צו ראַטעװען ל ע ב ע ד י ק ע ייִדן, דאַן װעט די הילף געגעבן װערן לכל הפחות די ט ו י ט ע, װאָס לאָזן הערן זייער געשריי, אַז מ'זאָל זיי ברענ־גען צו קבר־ישראל. דער רבי פאַרשטעלט זיך פאַר אַ גוי, נעמט מיט זיך אַ טאָרבע מיט געלט און לאָזט זיך גיין צו דער טויטן־באַן, װאָס שטייט ערגעץ אויף װײַטע רעלסן. אין דעם צוג געפינען זיך פאַרטריבענע לובלינער ייִדן װאָס האָבן שוין אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם אָדער זענען שוין האַלב־טויט. דער רבי רופט אויס אַז ער װעט געבן אויסלייז־געלט פאַר יעדן טויטן ייִד און טאָפּלט פאַר יעדן לעבעדיקן ייִד. דעמאָלט גיבן זיך אַ לאָז צו די באַן־װאַגאָנעס די אײַנװוינערס פון דער געגנט; נישט אויף צו ראַטעװען מענטשן באַשאַפענע אין גאָטס געשטאַלט לויפן זיי, נאָר כדי צו באַקומען די געלט־באַלוינונג. אַזוי אַרום האָט דער רבי צונויפגעזאַמלט אַ גרויסע צאָל טויטע קערפּערס פון קדושים און אַ קליינע צאָל

גערעטעטע יידן, וואָס האָבן שוין געהאַלטן ביים אויסגיין — אַזוי האָט זיך געצויגן די מי ביז... ביז דאָס געלט פון טאָרבע האָט זיך אויסגעלאָזן. דער רבי גראָבט אויס דאָס קבר מיט זיינע אייגענע הענט, גיט אָפּ די טויטע זייער לעצטן כבוד און זאָגט קדיש נאָך זיי. אָן אַ זייט שטייט דער רבונו של עולם ... און וויינט.

דער רבי קערט זיך אום אין שטעטל אַריין און די יידן וואָרענען אים אַז די דייטשן האָבן פאַרשטאַרקט זייערע זוכענישן נאָך אים; זיינע חסידים ווילן אים אַריבערפירן קיין וואַרשע, ווו עס ווינען נאָך יידן וואָס וועלן זיך זאָרגן פאַר זיין לעבן. עס איז שוין אַפילו אַלץ צוגעגרייט צו דער נסיעה. דער רבי אָבער האָרכט זיך נישט צו צו די צודרינגלעכע בקשות, ער זאָגט זיך אָפּ צו פאַרלאָזן דאָס אָרט. ער זאַמלט צונויף אַלע יידן אין שיל און דערקלערט אַ תענית־ציבור און ווען עס קומען די דייטשן אים פאַרהאַלטן, פאַרבאָרגט ער זיך נישט, ווייל שטאַרק איז זיין ווילן צו שטאַרבן על קידוש־השם „פאַר מיינע יידן, פאַר גאָט... וואָס פאַר אַ גליק״!

אויב אַזוי — איז דאָס אַ העכערער און פולקומער אויסדרוק פון פאַסיוון קרבן, די ווירדיקונג פונעם קידוש־השם, דאָס אויסקלייבן דעם וועג צו גיין „מיטן פאָלק״, ווען אַפילו ביים סוף פון דעם דאָזיקן וועג איז דאָ נאָר פאַרטיליקונג. —

דאָס איז די לעגענדע וועגן ראַדזינער רבי, ווי זי ווערט דערציילט אין דער פאָעמע, אָבער נ אָ ך ש ע נ ע ר איז דער אמת.

### ד ע ר א מ ת

שמואל־שלמה ליינער, דער לעצטער רבי פון דער ראַדזינער דינאַסטיע, איז נישט קיין ליטעראַרישע געשטאַלט נאָר אַ היסטאָרישע פערזענלעכקייט, וואָס האָט פאַרזיכערט איר אָרט אין דער געשיכטע פון חורבן און ווידערשטאַנד קעגן די מערדערס פון פאָלק. דער ראַדזינער רבי איז פאַר דער מלחמה געווען באַקאַנט ווי אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן און זעלבשטענדיקן כאַראַקטער. ער האָט זיך נישט געלאָזט באַאיינפלוסן פון זייטיקע השפעות און האָט ליב געהאַט דעם ייד פון אַ גאַנץ יאָר. אויך נישט צו אונטערשיידן זיך פון די פאָלקס־מאַסן פלעגט ער זיך נוהג זיין, כאָטש ער איז געווען איינער פון די מנהיגים פון פוילישן רעליגיעזן יידנטום, אָנצוטאָן אַ פּראָסט „יידיש״ היטל און נישט אַ סאַמעטן שטריימל ווי עס האָבן פון אים פאַרלאַנגט זיינע חסידים. ער פלעגט זיך נישט איזאָלירן אָדער פילן זיך העכער פון זיין עדה, ווי עס האָבן זיך געפירט אַנדערע רביים; ער האָט זיך באַמיט צו לעבן מיט זיינע יידן און פאַר זיי, און היות פאָלקס־יידן האָבן געטראָגן פּראָסטע יידישע היטלען, האָט ער באַטראַכט פאַר זיין חוב זיי נאָכצוטאָן. אויך אין מלחמה־צייט האָט ער נישט פאַרלאָזט זיין פּלאַץ און נישט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פונעם גייסטיקן מנהיג פון דער עדה. ס'איז טאַקע אמת אַז ער האָט פאַרלאָזן ראַדזין, ווו עס האָט אויף אים געלויערט די באַלדיקע סכנה, אָבער פון שטעטל האָט ער זיך נישט דערווייטערט; ער האָט נישט געפּרוווט צו אַנטרינען אין דער פרייער וועלט אַריין, ער האָט זיך נישט אויסבאַהאַלטן אין אַ זיכער אָרט, נאָר דווקא זיך באַזעצט אין אַ נאָענטן יישוב. ווי באַלד ער האָט זיך איבערגעצייגט

אַז די ייִדן פון די געגנטן פון די געגנטן וואָס זענען דערשיפֿט דעראָבערט געוואָרן פון די נאַציס דראָעט די סכנה פון פֿאַרניכטונג, האָט ער זיי גערופן צו אַ ק ט י וו ן ווי ד ע ר ש ט אַ נ ד, אַוועקצוגיין אין די וועלדער און אַריינטרעטן אין די פּאַרטיזאַנער־גרופּעס. די וואָס זענען געגאַנגען אין דעם דאָזיקן וועג — צווישן זיי זיין שוואָגער הרב אנגעלהארד — האָט דער רבי געגעבן זיין ברכה און זיין דערמוטיקונג. ער גופא האָט נישט באַוויזן דורכפירן זיין דאָקטרין.

די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער אַקטיוויקייט פונעם רבין, וואָס רופט די ייִדן צו ווידערשטאַנד און אומגעהאָרכזאַמקייט, זענען זיי אַריין אין רבינס הויז כדי אים צוצונעמען. ס׳האָט זיך פונקט אַזוי געמאַכט אַז דער רבי איז נישט געווען אין שטוב און זיין אַלטער שמש, ר׳ משה, וואָס האָט נאָך געדינט ביי זיין פֿאָטער (דער יונגער רבי האָט בכלל נישט געוואָלט האָבן קיין שמש!) האָט זיך איבער־געגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, פֿאַרשטעלנדיק זיך ווי דער געזוכטער ראַדזינער רבי. אָבער דעם שמשס קרבן איז געווען אומזיסט; עס איז אים נישט געלונגען, פאַרן פּרייז פון זיין אייגן לעבן, אויף אַ לאַנגער צייט אָפּצושטויסן די סכנה וואָס האָט געלויערט אויפן רבינס לעבן. די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט אַז זיי זענען אָפּגענאַרט געוואָרן און אַז דער ריכטיקער רבי לעבט נאָך, זענען זיי נאָך אַ מאָל אַריין אין רבינס הויז און דאָס מאָל געטראָפן דעם וועמען זיי האָבן געזוכט. דער רבי האָט אַרויסגעוויזן אַ ווידערשטאַנד און האָט צוויי מאָל געפּאַטשט אין פּנים פון דעם געסטאַפּאָ־סאָלדאַט און דער רבי איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. רבי שמואל־שלמהס ווייב און מוטער זענען דאַן אַריבער אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָט פאַר די ייִדן פון די שטעטלעך דעמאָלט זיך אויסגעוויזן ווי אַ זיכערער מקום מקלט. כל זמן דער ראָש־המשפחה האָט געלעבט, האָבן זיי דאָס נישט געקענט דורכפירן, ווייל דער רבי האָט זיך שאַרף קעגנגעשטעלט אַלע פּלע־נער צו פאַרלאָזן דאָס אָרט ווו זיינע ייִדן וווינען; ער האָט נישט געוואָלט ראַטעווען בלויז זיין לעבן. ביידע פרויען זענען דערנאָך אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ אין איינער פון די ליקווידאַציע־אַקציעס.

וועגן דעם פאַל פון ז ע ל ב ס ט אָ פּ פּ ע ר פונעם ראַדזינערס געטרייען שמש האָט אויך געשריבן — כאָטש אין אַ ביסל אומריכטיקער פאָרעם — דער אומלעגאַלער זשורנאַל פון „דרור" אין וואַרשעווער געטאָ, „ידיעות" ווו עס האָט כידוע אויך פּערמאַנענט מיטגעאַרבעט יצחק קאַצענעלסאָן. דער נוסח פון דער דאָזיקער נאָטיץ איז געבראַכט געוואָרן אין „בוך פון די געטאָ־שלאַכטן" (זייט 497).

מיט זיין לעבן און מיט זיין טויט האָט דער ראַדזינער רבי באַוויזן זיין איי־גענעם צוגאַנג צו דער פּלוגתא וועגן דעם דרך וואָס עס צייכנט אָן די ייִדישע מאָראַל: שטעלן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן דעם רשעותדיקן שונא אָדער מקבל זיין דעם דין באהבה. מיט זיין ממשותדיקן און נישט־דעקלאַמאַטאָרישן העלדנטאַט האָט דער ראַדזינער רבי אַריינגעשריבן אַ הערלעך בלאַט אין דער געשיכטע פון רעליגיעזן ייִדנטום און פון גאַנצן ייִדישן פאָלק, — אַ בלאַט פון ייִדנס ווירדיקער שטעלונג אינעם קאַמף קעגן דעם שונא.

פון פּאַסיווער גבורה צו אַקטיווער קעמפערישקייט

יצחק קאַצענעלסאָן האָט אָנגעשריבן „דאָס ליד וועגן ראַדזינער" אין די חדשים נאָוועמבער 1942 — יאַנואַר 1943, דאָס הייסט, נאָך דער גרויסער „אַקציע", בעת וועלכער עס זענען אַוועקגעפירט געוואָרן העכער 300 טויזנט וואַרשעווער ייִדן צו די קאַלכאַויוונס פון טרעבלינקע. בעת דער ריזיקער פאַרטיליקונג־אַקציע האָט דער דיכטער גופא פאַרלוירן זיין פרוי און זיינע צוויי קינדער. די פּאָעמע איז טאַקע געווידמעט דעם אָנדענק פון זיין פרוי חנה. די פּאָעמע איז אַ לויבגעזאַנג צום סתם־ייִדן און דעם גאַנצן ייִדישן פאָלק. „אַ ייִדישע עדה איז מער ווי איין ייִד, — רופט אויס דער דיכטער — מעג דער דאָזיקער ייִד זיין דער רבי גופא!" דאָרט ווו עס איז פאַראַן אַ ייִדישע עדה „שפּאַלט גאָט אַליין דעם ים!" און אַז אַ גאַנצע ייִדישע שטאָט וויינט „איז איר געוויין שטאַרקער ווי גאָטס זיפץ אַליין!"

כידוע איז וואַרשע געווען די גרעסטע ייִדישע קהילה פון אייראָפּע — און דער דיכטער לויבט אויס אין זיין ליד די דאָזיקע גרויסע קהילה. ער זעט נישט אין די וואַרשעווער ייִדן קיין פּגם, זיי זענען לויטער הייליק, אָן אַ צומיש פון וואָכעדיקייט. שפּעטער זאָגט ער אין זיינע באַשרייבונגען פון שטעטל וויטאַל: „דער טויט וואָס קומט ווי אַ פּועל־יוצא פון מאָרד, לייטערט אויס און הייליקט".

אין „דאָס ליד וועגן ראַדזינער" ווי אין זיינע אַנדערע שאַפונגען פון יענער תקופה, באַזינגט יצחק קאַצענעלסאָן דעם סתם־ייִדן און דעם ייִדישן קאָלעקטיוו ווי אַ גאַנצן. אין זיין פּאַסיוויטעט לגבי דעם מערדער זעט ער דעם הוד שבגבורה. אַפילו דעם ראַדזינער רבי, וואָס איז אונדז באַקאַנט פאַר אַ מענטש וואָס האָט געשטעלט אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד, שילדערט ער ווי אַזאַ וואָס גייט אייגנוויליק אויף קידוש־השם. אַזוי האָבן מן הסתם געשילדערט דעם רבין זיינע נאָענטע און באַקאַנטע, מיט וועלכע דער דיכטער האָט זיך געטראָפן אין וואַרשעווער געטאָ. פון דער געטאָ־ווירקלעכקייט איז נאָך נישט קאַפּויער געקומען דער נייער, אַל־טעגלעכער, אַקטיוו־קעמפערישער גייסט. דעם קעמפנדיקן העלד האָט דער דיכ־טער געזען פאַר זיינע אויגן ערשט אין דעצעמבער 1942 — יאַנואַר 1943, ביי די ערשטע באַוואָפנטע אָפּעראַציעס פון דער ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין קראָקע און וואַרשע. אויך אויף די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן האָט דער דיכטער רעאַ־גירט מיט צוויי לידער אויף העברעיִש — איינס הייסט „יצחק ולבן" און באַציט זיך צו די קראָקעווער געשעענישן און ס׳צווייטע שילדערט דעם באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ אין די טעג פון 21/18סטן יאַנואַר 1943, אין וואָס דער דיכטער גופא איז געווען אַ מיטבאַטייליקטער.

צו דער דאָזיקער טעמע קערט זיך אום דער דיכטער אין אַ יאָר אַרום, אינעם פאַרשיקונג־לאַגער אין וויטאַל ווען ער שרייבט זיינע אויפשטאַנד־קאַפּיטלען „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן ייִדישן פאָלק", וואָס טראָגט אַן עפּיטאַפּיע־כאַראַקטער און בלייבט אויסגעקריצט אויף דער מצבה פון דעם פאַרטיליקטן ייִדישן פאָלק.

(יידיש: אברהם פלאָטקין)

# די גייסטיקע גבורה פון א מנהיג

יחוס און ווערק

די גזע פון די ראַדזינער רעכנט זיך פון ר׳ גרשון־העניך ליינער, וואָס איז געווען ראַדזינער רבי אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט. געבוירן אין יאָר תקצ״ט (1838), נפטר געוואָרן אין תרנ״א (1891) אין עלטער פון 52 יאָר, איז דער ראַדזינער רבי ר׳ גרשון־העניך געווען אַ גאון בתורה און אויך באַהאַוונט אין כעמיע, מאַטעמאַטיק און מעדיצין.

אַ זון פון דעם „בית־יעקב״ און אייניקל פון רבי מרדכי־יוסף איזשביצער, דער וואָס האָט בשעתו געמאַכט דעם באַוווסטן איבער־קער קעגן קאָצקער רבין ר׳ מענדעלע (אין אַ פּריוויט־צונאַכטס איז עס געווען), נאָך וועלכן דער קאָצקער האָט זיך אָפּגעזונ־דערט פון דער וועלט עד יום פטירתו, — האָט ר׳ גרשון־העניך עושה־רושם געווען אין דער לומדישער וועלט אין יונגן עלטער פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. ער האָט זיך דעמאָלט באַוויזן מיט זיינע „סדרי־טהרות״ אויף די מסכתות „כלים״ און „אהלות״, אויף וועלכע עס זענען ביז יענער צייט געווען בלויז משניות׳ן. עס איז געווען אַן אומגעהייערער אויפטו, וואָס קיינער האָט עס נישט באַוויזן פון זינט חתימת־התלמוד. נאָך דעם זענען געקומען ר׳ גרשון־העניכס „סוד ישרים״, אין צוויי טיילן, געדאַנקען איבער ימים־טובים, „תפארת החנוכי״ אויפן „זוהר״, „עשר מלין בחסידותא״, אַ פירוש אויפן „אורחות־חיים״ און אַנדערע ספרים וואָס האָבן אַנטהאַלטן אַ שלל מיט חידושי תורה אויף בבלי, ירושלמי, רמב״ם. אַ סך פון זיי זענען געבליבן אין כתב־יד, נישט געדרוקט.

זיין אויפטו

אָבער דאָס לעבנסווערק פונעם ראַדזינער רבי ר׳ גרשון־העניך איז געווען זיין אַנ׳טדעקן דעם תכלת.

צו דעם צוועק איז ער אויסגעווען אין אַ סך לענדער ביז ער האָט אין נעאַפּאָלער אַקוואַריום אַנטדעקט דעם חלזון, אַ ים־חיהלע וואָס פון זיין בלוט פאַרבט מען דעם תכלת, פון וועלכן ראַדזינער חסידים טראָגן עד־היום אַ פאָדעם אין זייערע ציצית.

אין שייכות מיט זיין אַנטדעקן דעם חלזון, האָט ר׳ גרשון־העניך מחבר געווען די ספרים: „פתיל תחלת״, „עין התחלת״ און „שפוני טמוני חול״. אין אָט־די ספרים קלערט אויף דער ראַדזינער רבי דעם גאַנג פון זיינע פאָרשונגען און נסיעות אין פאַרבינדונג מיטן חלזון

װי אויך דעם אופן װי אַזױ אַרױסצובאַקומען דעם בלױען תכלת־קאָליר פונעם שװאַרצן חלזון־בלוט.

רבי גרשון־העניך דער מחבר האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפע, פּרע־ציזע פען, זײַן סטיל איז פּערפעקט, געשליפן, גײַסטרײַך, צײַכנט זיך אױס מיט גװאַלטיקער בקיאות אויף אַ סך שטחים. עס איז קלאַסיש זײַן פּאָלעמיק מיט די גדולי־הדור פון זײַן צײַט.

װי געזאָגט, איז ר׳ גרשון־העניך געװען באַהאַװנט אויך אין אַנדערע װיסנשאַפטן. װי אַ רבי צו װעמען עס זענען געפאָרן אַ סך טױזנטער חסידים, האָט ער נישט געלעבט פון נעמען פּדיונות; ער האָט זיך מפרנס געװען פון הײלן קראַנקע. זײַנע רעצעפּטן האָבן גע־האַט אַ שם אין גאַנץ פּױלן. מ׳פלעגט זײ אָננעמען אין די אַפּטײקן.

װאַרשע האָט געהאַט מערערע ראַדזינער חסידים, אָנהענגערס פון ר׳ גרשון־העניך און פון זײַנע נאָכגײערס.

דער לעצטער

דאָס אײניקל פון ר׳ גרשון־העניך, רבי שמואל־שלמהלע, דער לעצטער ראַדזינער רבי האָט ביז גזירת היטלער ימ״ש געפראַװעט רביסטװע אין ראַדזין. צו אים זענען געפאָרן חסי־דים פון אַלע עקן פּױלן, געװען אומעטום ראַדזינער „שטיבלעך״. רבי שמואל־שלמהלע איז אומגעקומען על קידוש־השם, מיט אַ מיתה־משונה ר״ל. פאַראַן אַ װערסיע אַז ער איז געפאַלן װי אַ פּאַר־טיזאַן, צוזאַמען מיט אַ גרופּע חסידים, אין די װלאָדאַװער װעלדער. אַן אַנדערע איז די װערסיע װאָס דער משורר פון געטאָ, יצחק קאַ־צענעלסאָן, לאָזט אונדז װיסן אין זײַן „ליד װעגן ראַדזינער״.

ה. ז.

יהודה וואָידעסלאַווסקי / בוענאָס איירעס

# אין עק וועלט אַרײַן

באַלד אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1939, ווען די נאַציס זענען באַ־פאַלן פּוילן און די הויפּטשטאָט וואַרשע איז באָמבאַרדירט געוואָרן, איז אַנטשטאַנען אַזאַ מענטשן־געלויף, אַז קיינער האָט זיך נישט געקענט אָפּגעבן קיין חשבון וואָס ער טוט: צי בלייבן אויפן אָרט צי לויפן ערגעץ־ווו. אין דער זעלביקער צייט האָט די וואַרשעווער ראַדיאָ גערופן אַלע מענער אַרויסצוגיין אויסער דער שטאָט גראָבן שוצגרובנס קעגן אָנגרייפערישן שונא. דעמאָלט האָט דער געלויף זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט. די שטאָטישע באַפעלקערונג, וואָס איז געווען זיכער אַז די שטעט־לעך און דערפער וואָס האָבן נישט קיין מיליטערישע באַדייטונג, וועלן נישט אַטאַ־קירט ווערן פון דייטש, איז אַוועק אין הינטערלאַנד. מ׳איז געגאַנגען צופוס, מ׳איז געפאָרן מיט וועגענער, מיט אויטאָמאָבילן; מ׳האָט זיך געשלעפּט איבער די שליאַכן און הינטערוועגן מיט פּעק אויף די פּלייצעס, מיט קינדערוועגעלעך, געשלעפּט זיך מיט קליינוואַרג ביי דער האַנט, מיט קראַנקע, שוואַכע זקנים. מיט אָנצייכענישן פון געוועזענע באַלעבאַטישקייטן זענען אַלע געלאָפן אין די אומבאַוווּסטקייטן אַריין. אויף די אַקסלען פון פרויען און מענער זענען געזעסן אַלטע לייט, ייִדן און נישט־ייִדן. ס׳האָט געטראָגן דאָס אומגליק. מ׳איז געגאַנגען פון שטאָט אין שטעטל אַריין, פון איין שטעטל אין צווייטן, אַבי וואָס ווייטער. אַנדערע זענען פון פּראָווינץ־ישובים געלאָפן אין גרעסערע שטעט אַריין.

איך בין אויך געווען פון די וואָס זענען געלאָפן פון וואַרשע. אויפן וועג וואָס פירט קיין וואַווער־אָטוואָצק האָב איך זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט און געפרעגט זיך אַליין: וווּהין גייסטו? איך האָב, אמת, קיין ענטפער נישט געפונען, אָבער איך בין ווייטער געלאָפן, ממש געשלעפּט געוואָרן פון די גרויסע מחנות צעשראָקענע, וואָס זענען געטראָגן געוואָרן פון די בהלה־שטראָמען. נישט ווייט פון אָטוואָצק האָב איך געטראָפן אַ באַקאַנטן ייִד אַן אביון מיט טלית און תפילין אונטערן אָרעם. אָפּגעשטעלט אים, האָב איך אים געפרעגט וווּהין ער גייט. איז זיין תמימותדיקער ענטפער געווען, אַז ער גייט צום רבין קיין קאָלאָביעל. ער וויל זיין נעבן אים, וואָרן ביים רבין וועט ער זיין זיכערער ווי אין דער היים,ווו עס ברענט שוין די טויט־סכנה. עס איז געווען אַ מהלך פון זעכציק קילאָמעטער צום רבין קיין קאָלאָביעל, אָבער די ווייטקייט האָט אים נישט אָפּגעשראָקן. ער האָט געשפּאַנט צופוס, דער מאמין אין דער ניסימדיקייט פון רבין זאָל־לעבן.

צי האָב איך מקנא געווען אָט דעם ייִד? אפשר יאָ, אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין כוח צו טראַכטן דערפון. מיט אַ שטאָך אין האַרץ האָב איך זיך צעזעגנט מיט דעם מענטש און געלאָזט זיך פירן פון בלינדן גורל. דורכגעמאַכט צענדלינגער קילאָמעטערס אונטערן היטלערישן פייער בין איך אָנגעקומען קיין פינסק. דאָרט האָט עס שוין געקלונגען מיט דעם, אַז ווילנע זאָל אָפּגעגעבן ווערן צו ליטע, ס׳ווערן אָפּגעשניטן אַלע מעגלעכע וועגן אין דער וועלט אַריין. אין פינסק האָב איך זיך דער־ווּסט אַז ד״ר יהושע גאָטליב, דער באַוווסטער וואַרשעווער פובליציסט, געפינט זיך אין שטאָט ביי זיין שוויגער און איך האָב באַשלאָסן זיך צו זען מיט אים, כדי צו וויסן וואָס מ׳קען טאָן אין אַזאַ לאַגע. אויסגעפונען ד״ר גאָטליבס אַדרעס און איך בין אַוועק צו אים. געטראָפן אים גראָד זיצן ביים פענצטער פון וואַנען ער האָט אַרויסגעקוקט אין גאַס אַריין דורך אַ שפּאַלט פון דער פאָרהאַנג. ער האָט זיך איינגעאָרדנט אַזוי אַז ער האָט אַלעמען באַמערקט אַריינגיין אין שטוב און אים האָט קיינער נישט געקענט זען פון הינטער דער פאָרהאַנג ביים פענצטער. איך האָב זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט ווי אַ וואַרשעווער און אַז איך וויל גיין קיין ווילנע — ווי איז זיין מיינונג דערויף? אַנשטאָט צו געבן אַן עצה, האָט ד״ר גאָטליב מיר געזאָגט, אַז ער בלייבט דאָ, ווייל ער האָט דאָ אַ היים. וואָס צו טאָן? ווער קען וויסן? ס׳איז געווען קענטיק אַז ער וויל נישט פירן קיין שום געשפּרעך אויף דער ברענענדיקער טעמע. איך האָב אים פון דעסטוועגן געגעבן אָנצוהערעניש, אַז מיר איז אַ שאָד וואָס ער שטעלט זיך איין, עס וואָלט געווים געווען בעסער אַז ער זאָל זיך געפינען אויסער רוסלאַנד, אַ שטייגער אין ווילנע, ווו עס איז נאָך דאָ אַן אָ פ ן ט י ר ל. ד״ר גאָטליב האָט אָבער האַרט געשוויגן, נישט גענומען ערנסט מיין אומגעבעטענע עצה. הפנים, ער האָט געהאַט אַ פאַרדאַכט אַז איך בין אונטערגעשיקט פון אַ „געוויס אָרט". יאָ, אין יענער צייט האָבן טייל יונגע מענטשן זיך געשטעלט צו דינסט דער נקוו״ד און יעדע מורא איז געווען באַרעכטיקט. איך האָב זיך אָפּגעזעגנט מיט ד״ר גאָטליב און געזאָגט אַז נאָך דעם זעלביקן טאָג פאָר איך קיין ווילנע. אויב ער וויל איז נאָך צייט ער זאָל דאָס אויך טאָן. בינו לבינו האָבן זיך אין גאַס געוויזן פּלאַקאַטן אַז אַלע פּליטים דאַרפן מעלדן אין פאַרלויף פון צוויי טעג זייערע ווינערטער, כדי צו ווערן אַריינגעשריבן אין די באַפעלקערונג־ביכער פון דער שטאָט פינסק. אינ־צווישן האָט אויך דער ראַדיאָ געמאָלדן אַז ווילנע, די אַנומלטיקע שטאָט פון פוילן, וועט ווערן די הויפּטשטאָט פון ליטע. דער 16טער אָקטאָבער איז דער טערמין צו שליסן די גרענעצן צווישן ליטע און רוסלאַנד. ווען איך האָב דעם זעלביקן טאָג זיך געווענדט צו די נקוו״ד וועגן אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן קיין ווילנע, האָט דער מיליטערמאַן מיט אַ בייזן בליק מיר געזאָגט אַז ווילנע ווערט אָנגעשלאָסן אין ליטע, איז ווי קום איך צו וועלן פאָרן אַהין? איך האָב אים דערקלערט אַז איך בין פון וואַרשע, דאָ האָב איך נישט קיין שום נאָענטן און, פאַרקערט, אין ווילנע האָב איך קרובים. געזען די האַרטקייט פון דעם נקוו״דניק, האָב איך תיכף געזוכט אַ פאָרטל דאָך זיך דורכצוקריגן, נישט געקוקט אויף זיין עקשנות. — אויב עס איז נישט מעגלעך צו פאָרן קיין ווילנע, האָב איך זיך אַ וואַקל געטאָן, איז אפשר קען

איך באַקומען אַ פּראָפּוסק קיין בריסק? אויך אין בריסק האָב איך אייגענע, האָב איך געזאָגט דעם מחבל און אין דעם מאָמענט געקלערט אַז בריסק איז אויך נישט ווייט פון דער דייטשער גרענעץ. — קיין בריסק קען איך דיר געבן אַ פּראָפּוסק, ווייל דאָס איז אונדזער טעריטאָריע, — האָט ער מיר דערקלערט און טאַקע באַלד אויסגעשריבן אַן אַרויספאָר־דערלויבעניש. עס איז געשען אַזוי אַז באַלד אויף דער נאַכט בין איך שוין געווען אויפן וואָקזאַל כדי צו נעמען אַ צוג וואָס גייט אַוועק פון... נישט קיין נפקא מינה פון וואַנעט, דער עיקר, מ׳פאָרט אַוועק, אַבי וואָס ווייטער פון די באָלשעוויקעס. איבערפולט פון פּאַסאַזשירן וואָס האָבן גענעכטיקט אויפן וואָקזאַל וואַרטנדיק אויף אַ באַן און זי האָט זיך מוראדיק געשלעפּט, זיך פאַרשפּעטיקט אויף עטלעכע מעת־לעת, בין איך אויך געווען איינער פון דער דאָזיקער מאַסע. ערשט אַרום 5 פאַרטאָג האָט זיך באַוויזן אַ צוג. אַלע האָבן זיך געוואָרפן אויף אים אין בהלה, פאַרשטאָפּט די וואַגאָן־טירן, געוואָלט פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ צו זיצן, האָב איך זיך אויך געקוועטשט, געוואָלט זיך אַריינקריגן אין אַ וואַגאָן, הגם איך האָב נישט געוווסט וווהין די באַן גייט. ערשט ווען עס איז געוואָרן טאָג בין איך געוואָר געוואָרן אַז דער צוג גייט קיין לעמבערג און נישט קיין ווילנע, וווהין איך האָב געשטרעבט. דאָך בין איך געפאָרן, אָנגעקומען קיין לעמבערג, האָב איך געוואָלט גיין צו דער רומענישער גרענעץ. אינפאָרמירט זיך ווי אַזוי מ׳קען דאָס מאַכן, האָבן גוטע לייט מיך אָפּגערעדט דערפון, באשר די גרענעץ איז שטאַרק באַוואַכט, שוין געווען אַ סך פאַרהאַלטענע ביים אַריבערגיין אויף דער א נ ד ע ־ ר ע ר ז יי ט.

נאָך צוויי טעג זיין אין לעמבערג איז מיר דאָך באַשערט געווען צו פאַר־נעמען זיך אויפן וועג קיין ווילנע. אַריין אין אַ צוג וואָס דאַרף גיין קיין ווילנע בין איך פון דעסטוועגן נאָך נישט געווען זיכער צי די באַן וועט זיך אָפּשטעלן ביי דער נייער גרענעץ פון ליטע־רוסלאַנד און צי מ׳וועט קענען איינשטייגן אין אַ צווייטן צוג וואָס גייט קיין ווילנע. טייל פּאַסאַזשירן האָט געטענהט, אַז מ׳וועט בכלל נישט אַריין קיין ווילנע, די סאָוועטן וועלן אַלע פאַרהאַלטן. ס׳איז געווען אַן אמתע צעמישעניש. דערווייל איז דער צוג זיך געגאַנגען געמיטלעך, אָפּט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן פעלד. צווייפל האָט גענומען מוטשען: וועט מען כאָטש דערגיין קיין ווילנע? די פנימער זענען געווען מיד, אָנגעכמורעט, אַלע זענען אָנגע־שטרענגט. האָט מען גערעדט צווישן זיך, איז דער שמועס געווען די טראַגעדיע פון די פוילישע יידן, דער חורבן פון לאַנד. אין מיטן־דערינען האָט דער צוג זיך אָפּגע־שטעלט און יעדן איז באַפאַלן אַ פּחד. דורך די פענצטער האָט מען באַמערקט נאָר מיליטער, קיינער פון די פּאַסאַזשירן איז נישט אַרויס פון די וואַגאָנען. אַלעמען האָט באַהערשט ס׳געפיל אַז אָט־אָט קומט מען אַריין און מ׳פירט אונדז אויף פיין. אַזוי האָט עס געדויערט אַ צוויי שעה. לסוף האָבן די וואַגאָנעס זיך אַ טרייסל געטאָן, זיך גערירט אויף צוריק: אוי, מיר פאָרן אַהין פון וואַנעט מ׳איז געקומען! דער אמת איז אַז דאָס איז געווען בלויז אַ מאַנעווער פון באַנפירער און דער צוג איז ווידער אַוועק פאָרויס. דאָס לאַנגע שטיין איז אָבער געווען גענוג אַז די נשמה

זאָל שיער־נישט אַרויסשפּרינגען פון יעדן פון אונדז. ווידער געפּאָרן און מיר זענען למזל אָנגעקומען קיין ווילנע. דאָס איז געווען אין אָקטאָבער 1939.

פון דער באַן בין איך געגאַנגען אין שטאָט אַריין צופוס און איך האָב זיך פאַרפּלאָנטערט אין די גאַסן. בלית ברירה האָב איך זיך געמוזט אויסזוכן אַ ווינקל צווישן דעם גרויסן אָנגעלויף פון פּליטים און ס'איז מיר באַשערט געווען מיטצומאַכן נייע אויסטערלישע שוועריקייטן.

אין נייע צרות זענען פאַרגאַנגען מײַנע טעג. מיליטער האָט באַלאַגערט די גאַסן, המונים האָבן פאַרפּלייצט דעם שוואַרצן מאַרק, דעם אַזוי גערופענעם טאָל־טשאָק, געזוכט עסנוואַרג, אײַנגעהאַנדלט פּאַפּיראָסן, פאַרקויפט אַלטוואַרג. איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט האָב איך אויף דער דײַטשער גאַס געזוכט צו קויפן אַ קילאָ ברויט.



אברהם גראַפּמאַן

איך בין געווען הונגעריק, פון אַ מיטיק האָב איך זיך שוין אָפּגעוויינט זינט וואָכן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט מיך אַ וועק געטאָן אַ באַקאַנט פּנים, ס'האָט מיך דערמאָנט וואַרשע. דעם קאָלנער אויפגעשטעלט, דאָס פּנים שטאַרק פאַרשפּיצט און די פּלייצע אַ ביסל געהויקערט. ווער קען דאָס זײַן? איך נעם נאָכגיין, נאָכטראַכטן ווער דאָס איז, און פּלוצלינג גיט זיך אַ רײַס אַרויס פון מיר אַ רוף: גראַפּמאַן! דער מענטש בלײַבט טאַקע שטיין, זײַן בליק איז דערשראָקן, אָבער ער דערנענטערט זיך צו מיר אַן אומזיכערער. מיט אַ מורמל באַגריסט ער זיך, זאָגט מיר אַז ער האָט נישט קיין צײַט און בעט זיך תחנונימדיק אַז איך זאָל אים מער נישט רופן, אויב כ'וועל אים באַמערקן. ביי אַ צווייטער געלעגנהייט וועט ער מיר שוין אַלץ

זאָגן. איך קוק אויף אים, איך הער אים און מיר לאָזט זיך אַלץ נישט צוגלייבן אַז דאָס איז טאַקע דער זעלבער גראַפּמאַן, דער וואַרשעווער יידישער זשורנאַליסט, מיטאַרבעטער פון „מאָמענט".

דער פאַקט איז אָבער שניידיק אמת: ס'איז דער זעלביקער און די נויט אַרום איז אויך שוידערלעך אמת. דער הונגער איז אויפטרייסלענדיק, מ'קריגט נישט קיין שפייז, די רוסן האָבן אויסגעזגלט די שטאָט, די דייטשן האָבן אַלץ אַרויסגעפירט, אויסגעליידיקט, די קראָמען זענען ווי נאָך אַ פּאָגראָם. דער מצב האָט אַזוי אָנגע־האַלטן ביז די ליטווינער האָבן ווידער איבערגענומען די מאַכט און די קראָמען זענען פון ס'ניי פול געוואָרן מיט פּראָדוקטן, מיט קליידער. פון דעסטוועגן האָט יעדער געטראַכט אַוועקצופאָרן פון ליטע, מחמת עס איז שווער געווען צו פאַרדינען. אָבער יעדע מי איז געווען אַרויסגעוואָרפן. ס'איז געבליבן נאָר צו וואַרעמען דעם בטחון אַז אפשר וועט זיך גיך ענדיקן די מלחמה. דערווייל גייען די נאַציס פון זיג צו זיג. גאַנץ אייראָפּע איז שוין פאַרשלונגען פון די דייטשן. אין דער פוילישער ראַדיאָ פון ענגלאַנד דערציילט מען כסדר אַז היטלער שטעלט שוין פאָ־דערונגען אַז רוסלאַנד זאָל אים געבן נאַפט און ברויט. דערנאָך איז געקומען אַ שווערע נייעס: די סאָוועטן שטעלן האַרבע פאָדערונגען צו ליטע. סאָוועט־רוסלאַנד וועט ווידער באַזעצן ליטע — גיט מען זיך איבער מפה לפה. עס ווערט אַ מהומה: ווי אַזוי קריגט מען זיך אַרויס פון דאַנעט? מיר לעבן ווי אין אַ מידבר, די צייטונגען שרייבן גאָרנישט פון די אַלע זאַכן, זיי זענען אונטער אַ קריג־צענזור, די אויסלענדישע ראַדיאָס ווייסן ווינציק וועגן דעם קליינעם ליטע. טאָג און נאַכט רייסן זיך די ספּיקערס די העלדזער: מלחמה, פראָנט, שלאַכטן, געפאַלענע שטעט, הריגות. פּלוצלינג האָט די ראַדיאָ אויסגעבראָכן מיט אַ שענדלעכן סוד אַז דער ליטווישער פּרעזידענט האָט געקרייצט די דייטשע גרענעץ. ער איז געבליבן אין דייטשלאַנד. פאַרראַט, הייסט עס. און שוין אויפן צווייטן טאָג איז דאָס סאָוועטישע מיליטער אַרויס פון די באַזעס, וואָס עס האָט פריער פאַרנומען. די סאָוועטן האָבן באַזעצט גאַנץ ליטע. צווישן די פוילישע פליטים איז אַנטשטאַנען אַ צערודערונג. ראַטעווען זיך, אַנטלויפן פון דעם פייער, איז געווען דער פּזמון וואָס איז געלעגן אויף אַלעמענס ליפּן, ווייל מ'האָט פאַרשטאַנען אַז רוסלאַנד וועט איצט אַריינגע־צויגן ווערן אין דער מלחמה. פיל זענען געלאָפן אין די אויסלענדישע קאָנסולאַטן בעטן וויזעס. אומעטום האָט מען אָפּגעזאָגט, אָבער די רוסישע מאַכט האָט פאַר־אָרדנט די קאָנסולאַטן אַז זיי זאָלן זיך ליקווידירן במשך פון אַ חודש צייט. זענען פליטים פון ס'ניי געלאָפן אָפּקלאַפּן די שוועלן פון די קאָנסולאַטן. אין דעם האָבן זיך פאַרשפּרייט לאָקנדיקע קלאַנגען: דער האָלענדישער קאָנסול גיט אַרויס וויזעס קיין קוראַסאַאָ, דער יאַפּאַנישער קאָנסול גיט אויף דעם סמך טראַנזיט־וויזעס. מ'האָט זיך געסודעט אַז די וויזעס זענען נישט קיין ריכטיקע, ס'אַ שטיקל פּאַפּיר, נאָר אַ תירוץ זיך אַרויסצורייסן פון דער סאָוועטישער אַפּיטרופּסות איז עס. געוואָר געוואָרן דערפון בין איך אַוועק קיין קאָוונע און באַקומען בלויז די יאַפּאַנישע וויזע, דער האָלענדישער קאָנסולאַט איז שוין געווען פאַרמאַכט. אין קאָוונע האָב איך

ווידער באַגעגנט אברהם גראַפּמאַנען. ער האָט זיך פאַר מיר מודה געווען אַז ער באַהאַלט זיך אויס פון דער נקוו״ד. יעדע נאַכט שלאָפט ער אויף אַן אַנדער אָרט. אָפט איז ער געגאַנגען איבערנעכטיקן אין פאַרדעכטיקע הייזער, ווייל אין די האָטעלן האָט מען דורכגעפירט נאַכטזוכונגען. איינעם אַ טאָג האָט גראַפּמאַן מיר זיך אָנפאַרטרויט אַז ער האָט נישט קיין געלט צו באַצאָלן פאַר נאַכטלעגער ביי אַ גאַסנפּרוי, ווו עס איז זיכערער, וועט ער די נאַכט מוזן שלאָפן אין דעם זעלביקן האָטעל ווו איך האַלט זיך אויף, ווייל עס איז וועלוועלער. אַזוי איז עס געווען. די אייגנטימערן האָט געוווּסט ווער ער איז, אַז ער באַהאַלט זיך אויס און דווקא אין דער דאָזיקער נאַכט זענען געקומען אין האָטעל אַריין נקוו״דעניקעס, דורכגעפירט אַ רעוויזיע, אַלעמען בודק געווען. גראַפּמאַן האָט זיך געמאַכט אַז ער שלאָפט און די באַלעבאָסטע האָט געזאָגט אַז ד ע ם א ל ט י ט ש ק ן ק ע ן ז י ז י י ע ר ג ו ט, ע ר א י ז ק ר א נ ק. גראַפּמאַן האָט דעמאָלט שוין אויסגעקוקט אויף אַ זיבעציקער, ווייס די האָר און צעקנייטשט דאָס פּנים. געקוקט אויף דעם שלאָ־פנדיקן האָבן די מחבלים שוין נישט געבעטן זיינע דאָקומענטן. זיי האָבן טאַקע געזוכט אברהם גראַפּמאַנען, אָבער זיי האָבן אים פ אַ ר ז ע ן. זינט דעמאָלט האָט ער מער נישט גענעכטיקט אין האָטעל, יעדע נאַכט איז ער אַוועק צו אַן אַנדער גאַסנפּרוי, ווייל אויך מיט זיי איז ער געווען נישט אין גאַנצן זיכער. דערפאַר האָט ער זיי געטוישט. מיר האָבן זיך געטראָפן יעדן טאָג און צוזאַמען אויסגעזיפצט אונדזערע צרות. גראַפּמאַנס זינד איז נעבעך געווען אַ טאָפּלטע: סיי ער איז אַ ב ו ר ז ש ו י און סיי ער איז אַן אויסלענדישער זשורנאַליסט, אַ שונא פון דעם סאָציאַליסטישן היימלאַנד.

איין מאָל האָט מיר גראַפּמאַן דערציילט אַז עס זענען אָנגעקומען נאָמענ־טלעכע סערטיפיקאַטן פאַר אַ גרופּע מענטשן און אַ סערטיפיקאַט אויך פאַר אים. זענען טאַקע אין יענער צייט, 1941, געפאָרן מערערע פּליטים מיט סערטיפיקאַטן קיין ארץ־ישראל און אַ טייל איז געפאָרן קיין יאַפּאַן. איך האָב צוגערעדט גראַפּ־מאַנען אַז ער זאָל זיך רעגיסטרירן אויף אַ וויזע. אגב האָט דער דזשאָינט און דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע שטאַרק געאַרבעט ביי דער סאָוועטישער מאַכט צו דערלויבן דעם אַרויספאָר און פאַרן רוב רעפּלעקטאַנטן האָט דער דזשאָינט באַצאָלט די הוצאות ביז יאַפּאַן אָדער ארץ־ישראל, וואָס האָט באַטראָפן צווישן 200 ביז 250 דאָלער פאַר אַ פּערזאָן. איך בין צוזאַמען מיט גראַפּמאַנען אַוועק אין דזשאָינט בעטן הילף אויף אַ בילעט. פאַרטראָטן דורך ה׳ וואלק וואָס האָט איצט אַמטירט אין קאָוונע, האָט וואלק תיכף באַשטעטיקט פאַר גראַפּמאַנען די סומע, מיר האָט ער עס אָפּגעזאָגט. דער תירוץ איז געווען אַז איך „האָב זיכער געלט. ער ווייסט ווער איך בין״. איז מילא, פאַרענטפערן קען איך זיך נישט, פאַלן פאַר יענעם כּורעים אוודאי נישט. איך וועל ליבערשט ליידן. גראַפּמאַנען האָב איך אָבער נישט אויפגעהערט אונטערצוּאיילן, ער זאָל נעמען דעם סערטיפיקאַט, ער זאָל גיין זיך רעגיסטרירן אין נקוו״ד פאַר זיין אַרויספאָר. ס׳זענען אַוועק צוויי וואָכן, גרויסע גרופּעס זענען געפאָרן דורך מאָסקווע קיין וולאַדיוואָסטאָק און יאַפּאַן. מיר מיט

גראַפּמאַנען זענען נאָך געבליבן אין שפּאַנונג, און וואַרטן — איך, ווייל כ'האָב נישט געהאַט אויף אַ בילעט און גראַפּמאַן, ווייל ער האָט מורא געהאַט אַז מ'וועט אים אַרעסטירן. אין איינעם אַ טאָג האָב איך אָנגעשריגן גראַפּמאַנען פאַר וואָס ער נעמט נישט דעם סערטיפיקאַט, ווייל אויב ער וועט בלייבן וועלן די רוסן סוף כל סוף אים פאַרהאַלטן. האָט גראַפּמאַן שוין באַשלאָסן צו נעמען דעם סערטיפיקאַט, איז ער שוין געווען אויסגענוצט פאַר אַן אַנדערן. מ'האָט נאָר געדאַרפט איבער־שרייבן דעם נאָמען. מען האָט אגב זיך שוין געהאַט אויסגעלערנט צו פאַבריצירן אַזעלכע סערטיפיקאַטן, אויך יאַפּאַנישע וויזעס און מענטשן איז געראָטן זיך אַרויס־צוכאַפּן פון רוסלאַנד. דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ביז „אייגענע" האָבן דעם ענין אָפּגעמסרט פאַר די נקווו"ד און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן. גראַפּמאַן האָט זיך נישט געוואָלט פאַרפּלאָנטערן אין אַזאַ עסק, ער איז געבליבן און — — זיין טראַגישער סוף איז געווען ענלעך צום סוף פון אומצייליקע, פון הונדערטער טויזנטער, פון מיליאָנען יידן.

איך האָב נישט געהאַט קיין ברירה, איך בין געוואָרן אַ בלינדער פּאַסאַזשיר. פאַר רובלעס זיך אויסגעקויפט ביי באַן־קאָנטראָלן, אַרויס פון ווילנע, דורכגעקראָגן זיך די א"ג ליטוויש־סאָוועטישע גרענעץ, ביז מינסק געפאָרן אָן אַ בילעט; פאַרן לעצטן געלט, 200 רובל, געקויפט אַ בילעט ביז וולאַדיוואָסטאָק, אין מאָסקווע „פאַרבעטן געוואָרן" פון אַן נקווו"ד־אַגענט, געפאָרשט געוואָרן, געבדקנט און צוגע־קוועטשט מיט פראַגעס, וווהין און — על פי נס זיך אַרויסגעראַטעוועט פון די מליצי־יושר פון דער געקריוודעטער מענטשהייט. יאָ, לאָמיך נישט פאַרגעסן: ביי מיין אַרויספאָר האָט אברהם גראַפּמאַן מיך געזעגנט מיט הייסע טרערן, מיך באַ־גלייט צו דער באַן, מיטגעגעבן צידה־לדרך און דעם גאָרן ווייטיק פון זיינע אויגן.

גראַפּמאַן איז געבליבן אויף אומצוקומען, איך בין געפאָרן מיט דער באַן סאָראָק ווטאָראָי — 42 — פאַרבראַכט אין צוג צוועלף טעג און אָנגעקומען קיין וולאַ־דיוואָסטאָק, ווו איך האָב געוואַרט אויף אַ שיף וואָס קורסירט יעדע צוויי וואָכן צווישן יאַפּאָן און סאָוועט־רוסלאַנד.

שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר דאָס גיהנום געטאָ שאַנכיי.

GENTILEZA
**SIMON SALECKI**
Trelles 2421 Buenos Aires

GENTILEZA
**Fca. de Muebles "RAZYN"**
**Decoraciones - Amueblamientos**
Viel 1543-45 T. E. 92-0839

**CASA "LEON"**
**Fábrica de Arañas de Fundición**
de **LEON FENENBOK**
Tte. Gral. Donato Alvarez 1947
T. E. 58-4490 Buenos Aires

**Fábrica de Tejidos de Punto**
**I FROST**
Especialidad en Art. para Bebés
Cabildo 3620 T. E. 70-6305

GENTILEZA
**CASA LISA**
Soc. Resp. Ltda.
**Cierres Automáticos "DEPE"**
Corrientes 2278
T. E. 47-3570 - 48-6713

**Panificación "GOLDSTEIN"**
— de —
GOLDSTEIN & Cía.
Lavalle 4339/41 T. E. 86-2754

**FARMACIA "NOVO"**
JULIO KURZMAN y Cía. S.R.L.
Av. Gaona 3000 esq. Zamudio
T. E. 59-2761 Buenos Aires

GENTILEZA
**Dr. IGNACIO RECHANIK**
**Odontólogo**
Vicente López 1735 - P. B. - Dto. A
T. E. 42-3933 Solicitar hora

GENTILEZA
**Dr. MOISES RECHANIK**
**y Familia**

**CASA "CHUÑER"**
FABRICA DE CAMISAS
Vera 648 T. E. 55-6779

**ISAAC LIPSZYC y Cía. S.R.L.**
Capital $ 2.500.000 m/n.
**Sedas - Forros y Tejidos en Gral.**
**CORRIENTES 2955 BS. AIRES**
**T. E. 86-2036 - 88-9729**

**Fabricación de Alhajas - Relojería**
Venta por Mayor - Consignaciones
JOYERIA **Z** S.R.L.
**Anexo BIZ-BEL HOGAR**
**LIBERTAD 124 T. E. 35-7089**

**FARMACIA "COLOMBO"**
de JOSE H. FRENDZEL, Farmacéutico
**Perfumería - Yerbas Medicinales**
**GAONA 1402 esq. AÑASCO**
**T. E. 59-1911 BUENOS AIRES**

**EDMUNDO SAUL y Hnos.**
**Importación - Exportación**
**Industrialización**
Especialidad en Poplines
**PASO 560 Esc. 110 T. E. 48-7781**

**Fábrica de Ropa de Cuero**
— de —
**M. WOLNOWICZ**
**VERA 402**
**T. E. 55-4969 BUENOS AIRES**

**IZOLD SPAIZER**
**Confecciones de Señora**
**LAVALLE 2446 - 2º P. L. 23**
**T. E. 47-2478 BUENOS AIRES**

**MOISE y LIETO SCHOVA**
**y Cía.**
**Importación de Tejidos**
Alsina 1338 T. E. 38-0746

ARTICULOS PARA SASTRES
**Venta de Hilos y Forros**
En General - Por Mayor
**STANISLAWOWSKI e HIJOS**
Soc. Resp. Ltda. - Cap. $ 300.000
**CANNING 86/88**
**T E. 54-0348 BUENOS AIRES**

**"BOTONERA ARGENTINA"**
**Artículos para Sastres y Modistas**
**Mercería y Botones en General**
— de —
**RAFAEL SZALKOWICZ**
**CORRIENTES 5117**
**T. E. 54-1051 BUENOS AIRES**

# Sociedad Cooperativa de Crédito Limitada

## "CALLAO"

Autorizada por el Sup. Gobierno de la Nación

## Consejo de Administración

**Año 1959**

Presidente:
**Sr. NOE NAJCHAUZ**

Vicepresidente:
**Sr. ISRAEL MARMUREK**

Secretario:
**Sr. MARCELO GRINSPAN**

Prosecretario:
**Sr. JULIO A. WOJDESLAWSKY**

Tesorero:
**Sr. ISRAEL RAJZNER**

Protesorero:
**Sr. SUCHER ROZEN**

Vocales Titulares:
**Sr. ISRAEL FRANKIENSZTEIN**
**Sr. SAMUEL GRINBERG**
**Sr. ABRAHAM GROSSMAN**
**Sr. JAIME EIZEMBERG**
**Sr. JACOBO ZILBERMAN**

Vocales Suplentes:
**Sr. BERNARDO SIECZKA**
**Sr. ROBERTO KLEINBURD**
**Sr. ISRAEL FROST**
**Sr. SIMON SIEKIERA**

Síndico Titular:
**Sr. MOISES LIJTZTAIN**

Síndico Suplente:
**Sr. NATALIO SZRIFTGISER**

Asesor Letrado:
**Dr. ABRAHAM GIDEKEL**

Aires para ver su hermosa leyenda dramática animada por el brioso conjunto argentino. Habrá llegado la oportunidad de rehabilitarnos ante este artista de la raza de Hamlet, taciturno y vehemente, que tiene *la sangre de los nómades y el dulce mal de andar...*

Alessandro Fersen es el único genovés nacido en Varsovia; un paisano de Cristóbal Colón que vió la luz bajo el mismo cielo que el filántropo y maestro Hipólito Wavelberg, otro polaco inmortal de estirpe judía.

---

*NOTA: Las fotografías de las páginas 33, 35 y 37, corresponden a una parte del vestuario y de las máscaras que el gran escenógrafo judeoitaliano Emanuele Luzzati creara para "Lea Lebowitz" de Fersen.*

Este es el genovés soñador y comburente que nos mostraba con una sonrisa emocionada la avenida Buenos Aires, la plaza Argentina y la hostería donde se hospedó San Martín cuando pasó por Génova en busca de Mazzini. Y, hablando de teatro, nos decía:

—Si este mundo pudiera salvarse, se salvaría por sus poetas teatrales. Las civilizaciones se sobreviven gracias al teatro. La



humanidad, también. Un minuto de gracia, frecuentado y fecundado por el espíritu, vale por un siglo de fabulosas conquistas. Una nación sin teatro es una nación condenada al caos. La voluntad de creación, la conciencia de las obligaciones no dejan de ser un peso que, sostenido continuamente, puede aplastarnos, pero si lo deponemos, aunque sea por un instante, corremos el peligro de perderlo todo. El hombre de teatro debe buscar su paradigma en Sísifo. Recomenzar siempre, sin conocer claudicaciones ni desfallecimientos. Es necesario aferrarse a las pasiones porque éstas, una vez que pasan, no vuelven.

El conjunto escénico de la Sociedad Hebraica Argentina está ensayando "Lea Lebowitz". Alessandro Fersen se encuentra en estos momentos en Londres poniendo en escena la versión inglesa de "El lustrador de manzanas". Si el año próximo no lo retienen en Europa otros compromisos promete volar a Buenos

Y su *moto perpetuo.* Después de las primeras frases salimos para atravesar la ciudad, desde Sanpierdarena hasta la vía Balbi, la avenida monumental "construída para un congreso de reyes", según la definiera madame de Staël, la amiga de Goethe, otro enamorado de Italia.

Caminoteando entre muros madorosos, callejones estrechos, rascacielos intempestivos, chamarileros, figones de novela policial, cines sórdidos, plazas semovientes, nos enteramos de sus quehaceres y quepensares.

Por ese entonces había estrenado "Lea Lebowitz", un drama inspirado en una leyenda jasídica, que fue cálidamente elogiado por ese maestro de críticos que fué Renato Simoni. Con dicha pieza Fersen echó los cimientos del Teatro Hebraico Italiano (vía Blumenstihl, 19, *Roma*).

Después de ese espectáculo, su inquietud lo llevó a intentar otro de mayor aliento. En el parque Serra, de Nervi, uno de los lugares más hermosos del litoral genovés, puso en escena "Las alegres comadres de Windsor". Asistimos a una de las representaciones. Entre el público alcanzamos a ver a Armand Salacrou y al novelista Elio Vittorini, al dramaturgo Silvio Giovaninetti, al poeta Salvatore Quasimodo, hoy premio Nobel de literatura 1959. Y todos estuvieron contestes en reconocer que Fersen había demostrado que podía codearse sin desmedro con los mejores directores del mundo.

Luego creó el teatro de *Los Noctámbulos,* puso en escena una serie de espectáculos valiosos, creó una Academia de Arte Dramático —la más importante de Roma (de la que es alumno, entre sus 44 discípulos procedentes de las cuatro esquinas del mundo, el argentino Alejandro Saderman), publicó ensayos que tuvieron una vasta repercusión en Europa, organizó el Congreso de los Pen Clubs en Venecia y terminó vinculándose a Ivo Chiesa y el Teatro Estable de la Ciudad de Génova, que actuó el año pasado entre nosotros. Todos recordamos su fulgurante y perspicua dirección de *Il Diavolo Peter* y *Liolá,* que pudimos ver en el *Metropolitan,* de Buenos Aires.

Allí donde la ciudad se hace albaicín y el albaicín cae de bruces en el agua, en un laberinto de calles que da a la antigua ciudad etrusca el prestigio romántico de los arrabales, está enclavada la vía Somalia y, en el número dos, la casa limpia y ordenada que ocupaba Alejandro Fersen.

Una habitación más larga que ancha servía de sala de estudio a su morador. Era su laboratorio fáustico. Recordamos



los libros que tapizaban su cuarto y, sobre todo, las máscaras, los bocetos de decorado, los vestidos de amplio ruedo y las partituras musicales de "Lea Lebowitz". También los originales del guión cinematográfico de "Le mura di Malapaga", en el que colaboró con René Clement, el film que tuvo de protagonistas a Isa Miranda y Jean Gabin y que se exhibió en Buenos Aires con el nombre de "Más allá de las rejas".

Fersen fuma mucho y habla poco. Prefiere preguntar, saber. Tiene la curiosidad inacabable de los hijos de la diáspora.

pudo apresarlo en sus redes. Después de recorrer todas las unisidades de la miseria se hizo a una disciplina, dispuesto a salir armado de conocimientos vitales de una universidad verdadera. Hubo de ser médico como su hermano, uno de los hombres de consulta más queridos y requeridos de Roma, el doctor Fejreisen. Pero, por un lado, tironeaba de su vocación esencial el escepticismo de Rensi, por el otro el rigorismo estilístico de Camilo Sbarbaro, el autor de *Pianíssimo,* el maestro cuidadosamente ignorado allí y aquí. Se largó a París, revalidó su bachillerato, se inscribió en la Sorbona y se doctoró en Filosofía. Sin necesidad de saber que Rabelais se había reído de los *sorbonagres,* guardó el diploma en la más atiborrada de sus gavetas, volvió a Italia y se dedicó al teatro. Hizo todo el escalafón: tramoyista, traspunte, actor y director. Y, naturalmente, autor dramático.

Durante la última guerra Fersen estuvo concentrado en Suiza, en un campamento de israelitas procedentes de Polonia, Alemania, Francia e Italia. Allí se encontró con Emmanuele Luzzatti, un muchacho genovés que tenía una sola ambición: crear los vestidos más inverosímiles y pintar las máscaras más extrañas. Se pusieron a trabajar juntos. De esa conjunción nació "La Reina de Saba", una pantomima que hicieron representar en Génova, después de la liberación. Claro que contado así, a vuelamáquina, la historia carece de importancia. Pero antes de ubicarlo nuevamente en la ciudad ligur habría que contar las vicisitudes y las angustias de estos luchadores de la resistencia, las veces que estuvieron a punto de ser atrapados y liquidados por los invasores y la utilidad que tuvo para ellos su experiencia teatral para burlar una y mil veces a los nazis, disfrazados de rústicos montañeses, hablando a la perfección el dialecto "xenéis", filtrándose en los mercados con ropas de mujer o haciéndose pasar por oficiales alemanes con sendos uniformes arrebatados a sus legítimos dueños...

Hoy Fersen es uno de los directores más calificados de Italia y Luzzati, escenógrafo del Teatro Scala de Milán. Los conocimos a ambos. Hablemos de Fersen.

No nació con una cuchara de plata en la boca este hijo de inmigrantes, que llegó, niño de muy cortos años, a una tierra de emigrantes y se radicó en un puerto que no duerme nunca. Dueño de un alma atormentada de escrúpulos, escenario de intensos dramas despiadados, Fersen luchó con denuedo para



abrirse camino. Zangwill lo hubiera incorporado gustosamente a su galería de *dreamers of the Ghetto*. Pero su ghetto tenía salida al mar y el pequeño Alejandro pudo franquear las clausuras y empapar sus sueños en el agua salobre del golfo ligur. Se hizo trotamundos mientras esperaba la edad de las definiciones. El alma viva, contradictoria y desordenada del mar no

# Un Gran Director Italiano Nacido en Varsovia

Por César Tiempo

Un introvertido en constante ignición, dueño de una fantasía mágica y una voluntad implacable. Este es Alejandro Fersen, un judío genovés nacido en Varsovia que reside en Roma, y a quien Buenos Aires, cuando pasó por aquí, no acogió con



*Esta es la sugestiva figura de Alejandro Fersen. Su vinculación con Varsovia no reside sólo en el hecho de que fue su cuna, sino que allí escribió arte dramático con el gran Stanislawski.*

el fervor y el entusiasmo a que lo hacía acreedor su noble trayectoria de artista.

Fersen no tiene nada que ver con el conde de su apellido que fue embajador de Suecia en París durante la Revolución Francesa y que trató de salvar a María Antonieta, en Varennes, pero es capaz de perder la cabeza por una pasión.

el Ghetto de Varsovia, se perdió cuando la calle Miodowa quedó consumida por las llamas durante el levantamiento del Ghetto en agosto de 1944.

No todos los documentos hallados son de papel. En 1942 los nazis reunieron paulatinamente a todos los judíos que encontraron en Wolhynia y alrededores, y los encerraron en la gran sinagoga de Kowel. De allí fueron llevados al exterminio. A medida que un grupo abandonaba la sinagoga era reemplazado por otro. Pues bien, algunas de esos judíos —en pleno conocimiento de lo que les aguardaba— escribieron en las paredes del sagrado recinto lo que sentían en esos momentos aciagos, incluyendo mensajes a los parientes y citas de las Sagradas Escrituras.

Los papeles que nos legaron esos mártires no son simples documentos. Son testigos silenciosos de la inmensa tragedia y del descomunal heroísmo de los judíos polacos que no alcanzaron a ver el final de la lucha, pero que marcharon al encuentro de la muerte con cánticos de fe y esperanza en los labios.

